# ספר זכרון לקהילת הורודוק

## (ע"י ביאליסטוק)

עורך בידי

משה סימיון (שמן)

הוצאת האירגונים של יוצאי הורודוק בישראל ובארגנטינה

# האראדאק – א יזכור בוך

רעדאקטאר: משה סימיון (שמן)

ארויסגעבער: פארבאנד פון עולי האראדאק אין ישראל און ארגענטינע

נדפס בישראל תשכ״ד
דפוס „עמל״ תל־אביב
Printed in Israel, 1963

# HORODOK – IN MEMORY OF THE JEWISH COMMUNITY

# מבוא

עד למלחמת העולם הראשונה, מעטים היו יוצאי הורודוק בארץ־ישראל, אך עם זרם העליה השלישית, עלו כמה מנייני חלוצים בעלי משפחות מעיירתנו.

בימים ההם נהגו להתאסף בצוותא, לערוך קבלת־פנים נאה לכל עולה חדש, ולקבל פריסת־שלום חמה מקרובים וידידים.

וכך נוצר גשר חי בין עיירת־המכורה לבין ארץ־הבחירה.

בפרוץ מלחמת העולם השניה, נתמוטט הגשר החי ויד מרצחת הפרידה בין האחים, ורק לאחר גמר המלחמה, כששערי הארץ נפתחו לרווחה לפני הניצולים משואת הדמים פגשנו בשרידי האודים המוצלים, שהגיעו אלינו שבורים ורצוצים מהמחנות ובשורת איוב מקפיאה בפיהם.

באחת דפגישות עם הפליטים, נתגבש הרעיון על ייסוד אירגון יוצאי הורודוק במדינת ישראל ושני תפקידים לו:

א. להושיט עזרה לנזקקים.

ב. להנציח את זכרם של יקירינו שניספו מידי הנאצים.

באספת האזכרה הראשונה נבחר ועד פעולה, שהתקשר עם בני עירנו באמריקה הצפונית ובארגנטינה, ופנה לעזרתם הדחופה, לאירגון קופת גמ״ח — לעזרת חברינו בישראל.

ואכן, ההורודוקאים שבחוץ־לארץ, נענו בעין יפה לפנייה זו, ושלחו לאירגון סכומי כסף לא מבוטלים, כגון אלף דולר — תרומתם של משפחת ראובן חסיד וכדומה. מיד הכינונו רשימות של הנצרכים ביותר ועשרות יוצאי הורודוק בישראל, נהנו מהלוואות בתנאים נוחים שניתנו למטרות של שיקום.

כמו־כן הקצבנו סכום כסף ניכר למצבת־זכרון במערת השואה על הר־ציון. אולם לא אמרנו די בכך: לאחר ויכוח סוער בין החברים על צורות הנצחה שונות, הוחלט בהכרעתם של בני עירנו מארגנטינה, על איסוף חומר ל„ספר יזכור״.

והנה, לאחר כמה שנים של מאמצים ועמל מפרך, הצלחנו לסכם את החומר ולהוציאו לאור.

תודתנו נתונה לכל אחד שהיטה שכם לביצוע המשימה הנכבדה, ובמיוחד לבן עירנו היקר, משה סימיון (שמן), על יוזמתו הברוכה ומסירותו ללא־גבול, ואנו מביעים לו את תודתנו והכרתנו מקרב לב. כה לחי!

**ועד אירגון יוצאי הורודוק
במדינת ישראל**

תל־אביב
נובמבר 1963.

# אריינפיר

ביז פארן ערשטן וועלט־קריג, האָבן וויניק הוראדאקער זיך געפונען אין ארץ־ישראל, נאר מיטן שטראם פון דער דריטער עליה, זענען אויך אנגעקומען אין לאנד, עטלעכע צענדליק חלוצים און בעלי משפחות פון אונזער שטעטל.

אין יענע צייטן האָט מען זיך נוהג געווען, צו איינאָרדענען א פייערלעכן קבלת־פנים יעדן נייעם עולה און אויך אפנעמען פון אים א הארציקן גרוס פון די פריינט און קרובים אין הוראדאק און אט אזוי זרום געשאפן א לעבעדיקע בריק, צווישן דער אלטער און דער נייער היים.

ווען די צווייטע וועלט מלחמה איז איסגעבראכן, איז די לעבעדיקע בריק איינגעפאלן, און א מערדערישע האנט האט אונז צעשיידט אויף לעבן און טויט. ערשט נאכן קריג, ווען די טויערן פון לאנד האבן זיך געעפנט פאר די אנטרונענע פונעם בלוטיקן גהינום, האבן מיר זיך געטראפן מיט אונזערע ברידער, וועלכע זענען נאר וואס ארויס פון די לאגערן מיט דערשיטערנדיקע איוב־בשורות. דאן האָט זיך ביי אונז אויסקריסטאליזירט א פלאן, וועגן גרינדן א פאריין פון הוראדאקער אין ישראל מיט פאלגנדע אויפגאבן:

א. געבן הילף אלע נויטבאדערפדיקע לאנדסלייט.

ב. פאראייביקן דעם אנדענק פון אונזערע טייערסטע, וועלכע זענען אומגעקומען פון די נאציס.

אויף דער ערשטער אזכרה־פארזאמלונג איז אויסגעוויילט געווארן א קאָמיטעט, וואס האָט זיך פארבונדן מיט אונזערע צפון־אמעריקאנער און ארגענטינער פריינט, וועגן שיקן דרינגענדע הילף פאר א גמילת־חסד אינסטיטוציע, לטובת אונזערע נויטבאדערפטיקע ברידער אין ישראל.

די הוראדאקער לאנדסלייט האָבן זיך ווארעם אָפגערופן אויף דער ווענדונג און ארויסגעשיקט א גאנץ סאלידע געלט־סומע, צווישן אַנדערע, א שפענדונג פון 1000 דאלאר פון דער משפחה ראובן חסיד א״א.

מיר האבן צוגעגרייט רשימות פון די נויטבאדערפטיקסטע, און צענדליקער הוראדאקער אין ישראל האבן באקומען הלוואות צו קאנסטרוקטיווע צוועקן, אויף די בעסטע באדינגונגען. גלייכצייטיק, האבן מיר באשטימט א היבשע געלט־סומע פאר א דענקמאל אין דער „מערת השואה״ אויפן „הר ציון״, און נאך א שטורמישן ויכוח צווישן די חברים, וועגן א ווירדיקן מאנומענט פאר אונזער שטעטל, און מיט דער אונטערשטיצונג פון די ארגענטינער לאנדסלייט, האבן מיר באשלאָסן צו זאמלען מאטעריאל פאר א „יזכור־בוך״.

איצט, נאָך יארן פון אָנגעשטרענגטער ארבעט,

קאנסטאטירן מיר דעם פאקט, מיט דער גרעסטער צופרידנ־הייט, אז אונז איז געלונגען צונויפזאמלען דעם מאטעריאל און צוגרייטן צום דרוק.

ביי דער געלעגנהייט, שיקן מיר איבער אונזער דאנק יעדן איינעם, וואס האט צוגעלייגט א האנט צו דעם וויכטיקן ווערק. און מיר דריקן אויס אונזער אלעמענס אנערקענונג דעם טייערן בן־עיר, משה סמיון (שמן), פאר זיין איניציאטיוו און גרענעצלאָזער איבערגעגעבנהייט. כה לחי!

**דער קאמיטעט פון הוראדאקער פארבאנד**
**אין מדינת ישראל**

תל־אביב
נאוועמבער 1963 יאר.

# דבר המערכת

באספת האזכרה של יוצאי הורודוק במדינת ישראל, שנתקיימה בשנת 1960, הוחלט להוציא לאור ספר להנצחת זכרה של קהילת הורודוק שנספתה בשואת הדמים, שפקדה את עמנו במלחמת העולם השניה.

וכך נטה איש ואיש שכמו למען איסוף החומר.

למען האמת, היו שטענו: „מה טעם לגרד בפצעים שלא העלו ארוכה? וילדינו היעיינו אי־פעם בספר זה? ומה עניין לחוקרי השואה בעיירה־זוטא כהורודוק?

אולם, אנו הערכנו את כל הטענות כבלתי־נכונות. להיפך, בין כל יוצאי עירנו, צעירים וזקנים כאחד, גובר העניין בספר שיעלה מחדש את דמותה ואורח חייה של עיירתנו. אורח חיים שחלף ללא שוב. כמו־כן מצוי בספרנו חומר רב עבור החוקר וההיסטוריון, העוסק בהקמת מצבת זכרון מונומנטלית, להנצחת זכרם של ישובי היהודים שהושמדו. ודווקא עלינו, שארית פליטת יוצאי הורודוק, מוטלת חובה קדושה, לתרום את חלקנו למטרה נעלה זאת.

בטירדות רבות נתנסינו בפעולותינו הרבות, כיצד להשפיע על בני עירנו החביבים שיתפייסו עם הקולמוס, שאינו מקובל עליהם ויכתבו זכרונות ורשימות מהעבר. בעיקר, קשתה המלאכה על העורך, שהשקיע עמל רב בעיצוב החומר ומנע חזרות במידת האפשר, שמר על סגנונם השופע חמימות של המחברים וצביונם העממי של החיבורים, שלא יהפכו „תוספת ספרותית" לספרי „יזכור" דומים.

קשה ביותר היה איסוף החומר הסטטיסטי, מכיוון שהנאצים השמידו את הארכיונים ופנקסי הקהילות. נעזרנו במקצת על־ידי תעודות שונות מהארכיון הגרמני המרכזי, שנפל לידיו של צבא השיחרור הפולני. ממקור זה שאבנו ידיעות על „סדר החיים", שהגרמנים קבעו בגיטו עד לחיסולו. נוסף לזאת גבינו עדויות מכמה יהודים יוצאי הורודוק שנשארו בחיים.

כל זאת הבאנו בהרחבה בתוך הספר. בינתיים, הרבה חומר החל זורם מכל העברים, בעיקר מידידינו בארגנטינה, ששלחו תמונות ורשימות למערכת וגם עזרה כספית להמשך עבודתנו. רק בני עירנו בצפון אמריקה, פרט ליחידי־סגולה מועטים, לא מצאו לנחוץ להושיט יד־אחים למפעל החשוב.

הספר נכתב בתנאים חומריים קשים מאד. ואף־על־פי־כן הצלחנו להגשים את המשימה, והקמנו מצבת זכרון נאותה לעיירתנו.

לא היו בה בהורודוק תיאטרונים, מוזיאונים, בתי־ספר תיכוניים ואף לא מוסדות תרבות גדולים ומכובדים ומשום־כך, לא נמצאו בה אינטלקטואלים כגון: מוסיקאים, סופרים, מדענים וכו'; ולמרות זאת שונה היתה הורודוק מעיירות יהודיות אחרות בפולין.

תוך תדליך של עשרות שנים נתבססה בהורודוק תעשיית־טכסטיל מפותחת. לפיכך, לא התקיימו תושביה על פרנסות־אוויר מסורתיות, אלא ברובם המכריע היו פועלים ובעלי־מלאכה. דבר זה הטביע את חותמו על דמותם החברתית־רוחנית.

היתה לה להורודוק אינטליגנציה־עממית מקומית, שקמה על רקע המציאות העיירתית. היו אלה עסקנים בעלי אחריות עמוקה לגורל ישובם. לפיכך יכולנו לחזות בתקופת המלחמה יהודים רבים, שלא חפרו קברים לעצמם, לפי הצו של הנאצים. את כתות הרובים והנשק שנמצא בידם היפנו נגד אויביהם ובכך הגנו על צלם דמותו האנושית של היהודי.

מאמינים אנו, שספר־זכרון זה, יטיל אור בהיר על החיים שחלפו ושוב תעלה לעינינו הורודוק, כפי שראינוה טרם החריבוה הגרמנים עד היסוד.

אנו תקווה, שספר זה יחדיר בקוראיו את הרצון להאבק נגד כל גילוי של הסתה למלחמה, לגזענות ולפאשיזם, המהווים סכנה חמורה לקיום עמנו.

ולבסוף מודים אנו לכל אחד ובמיוחד לחברינו היקרים: אריה גרינוולד — יו"ר אירגון יוצאי הורודוק בישראל, מרדכי גולדברג — חבר ההנהלה, ולידידנו משה זכאריעס — נציג יוצאי הורודוק בארגנטינה, שהיטו שכם למען ביצוע המפעל ומוסרים בזאת את הספר „יזכור להורודוק", לרשות הרבים.

**משה סימיון (שמן)**

# פון דער רעדאקציע

אויף דער אזכרה־פארזאמלונג פון די הוראדאקער לאנדסלייט אין מדינת ישראל, אין יאר 1960, איז אָנגענומען געווארן א באשלוס צו פאראייביקן דעם אנדענק פון יידישן ישוב אין הוראָדאָק, וועלכער איז אומגעקומען אין דער שרעקלעכער קאטאסטראפע, וואס האט געטראפן אונזער פאלק בשעת דעם צווייטן וועלט־קריג און יעדער איינער האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו זאמלען מאטעריאלן.

וואס אן אמת, עס זענען אויך געווען קעגנער פונעם

בוך, וועלכע האבן געטענעט: צו וואס דארף מען אויפוועקן די נאך ניט פארהיילטע ווונדן? צי דען וועלן די קינדער, געבוירענע אויסער הארהאדאק, לייענען דעם בוך? און די געשיכטע־פארשער, וואס קען זיי פאראינטערעסירן, משטיינס געזאָגט, א „יזכור־בוך" פון אַזאַ קליין שטעטעלע ווי הארהאדאק?"

אבער מיר האבן אפגעשאצט די אלע ארגומענטן קעגן דעם „יזכור בוך" אלס ניט ריכטיקע, להיפך: עס איז צו מערקן אן אלץ מער שטייגנדן אינטערעס ביי אלע הארהאדאקער יונגע און אלטע, צו א בוך וואס זאָל אויפלעבן דאס פנים און לעבנס־שטייגער פון זייער געבורטס־שטאט און וואס שייך די פארשער און וויסנשאפטלער, גייען מיר ארויס פון דער הנחה, אז אין אונזער „יזכור בוך" איז פאראן א סך שטאף און מאטעריאל פאר דעם היסטאָרישן מאנומענט, צו פאר־אייביקן דעם אָנדענק און מארטיראלאגיע פון די פארניכטעטע יידישע ישובים אינעם בלוטיקן צייט־אָפשניט פונעם צווייטן וועלט־קריג. און ווער, אויב ניט מיר, די שארית־הפליטה פון דעם פארשניטענעם הארהאדאק, זענען בארופן צו נעמען אויף זיך די אויפגאבע און צוטראגן אויך אונזער באשיידענעם ביישטייער צו אט דעם וויכטיקן צוועק?

אויף א סך אומפארויסגעזעענע שוועריקייטן האבן מיר זיך אנגעשטויסן ביים שאפן דעם בוך. די גרעסטע שוועריקייט איז באשטאַנען אין דעם, ווי אזוי צו באווירקן אונזערע היימישע הארהאדאקער צו שרייבן, ווייל ניט אלע פילן א באזונדערע סימפאטיע צו דער פען.

איז דאָס טאַקע אָנגעקומען ניט לייכט. איבערהויפט דעם רעדאקטאר, וועלכער האט שווער געארבעט, ביים פארמירן דעם מאטעריאל און ווי ווייט מעגלעך אויסצומיידן איבער־חזרונגען, אָפצוהיטן דעם אייגנטימלעך־ווארעמען סטיל פון די מחברים און דעם פאלקסטימלעכן קאלאריט פון די חיבורים, ניט צו פארוואנדלען דאס בוך אין א ליטערארישע ביילאגע „צו ענלעכע" „יזכור" ביכער.

נאך ערגער האט עס אויסגעזען מיטן סטאטיסטישן שטאף, ווייל די היטלעריסטן האָבן פארניכטעט אלע קהילה־פנקסים און ארכיון. האבן מיר זיך אביסל ארויסגעהאלפן מיט די מאטעריאלן פון דעם צענטראלן דייטשישן ארכיוו, וועלכער איז אין זיין צייט, פארכאפט געווארן דורך דער פוילישער באפרייונגס־ארמיי. מיר האבן פון דארטן געשעפט א סך אינפארמאציע וועגן דעם שטייגער־לעבן, וואס די דייטשן האבן איינגעשטעלט אין געטא, ביז צו זיין ליקווידאציע. אויסערדעם, האבן מיר אויפגענומען לעבעדיקע גביית־עדות פון עטלעכע לעבנגעבליבענע הארהאדאקער יידן. דאס אלץ ווערט אויספירלעך געבראכט אינעם בוך.

אינצווישן, האבן די ישראלדיקע לאנדסלייט זיך א נעם געטאן צו דער ארבעט מיט גרויס התמדה, צו שרייבן זכרונות פונעם לעבן אינעם שטעטל, און צו אונזער איבערראשונג האט גענומען שטראמען מאטעריאל פון אלע צדדים. אויך אונזערע אויסלענדישע חברים, האָבן זיך ווארעם אָפגערופן אויף אונזערע אַפּעלן ווי צ"ב די ארגענטינער לאנדסמאַנשאפט, וועלכע האט אריינגעשיקט בילדער און רשימות אין דער רעדאקציע און אויך מאטעריעלע הילף, אין וועלכער מיר האָבן זיך גענויטיקט, כדי פארצוזעצן אונזער ארבעט. נאר די צפון־אמעריקאנער לאנדסלייט, האבן ליידער זיך ניט וויסנדיק געמאכט פון אונז, אויסער עטלעכע יחידי־סגולה, וועלכע האבן צוגעלייגט א האנט צו דעם וויכטיקן ווערק.

דאס בוך איז געשריבן געווארן אין גאנץ שווערע מאטעריעלע באדינגונגען. דאך האבן מיר באהערשט אלע שוועריקייטן און מיר האפן, אז עס איז אונז געלונגען מיט אונזערע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן צו רעאַליזירן די אויפגאבע וועלכע מיר האבן זיך געשטעלט און געשאפן א ווירדיקן דענקמאל אונזער חרוב געווארענער שטעטעלע הארהאדאק.

הארהאדאק האט ניט פארמאגט קיין טעאטערס, מוזעאומס, אפילו ניט קיין מיטלשול און אנדערע קולטור־אינסטיטוציעס, מיט וועלכע זי וואלט זיך געקענט גרויסן. און דערפאר אויך ניט קיין הויכגעבילדעטע אינטעליגענץ: ווי מוזיקער, שרייבער, וויסנשאפטלער. אבער הארהאדאק איז דאך געווען אנדערש פון א סך יידישע שטעטלעך אין פוילן. אין הארהאדאק איז אין פארלויף פון צענדליקער יארן אויפגעקומען א פארהעלטניסמעסיק גרויסע טעקסטיל־אינדוסטריע, די הארהאדאקער יידן האבן ניט געלעבט פון די טראדיציאנעלע לופט־פרנסות, נאָר אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט, געווען יגיע־כפימניקעס, ארבעטער און האנט־ווערקער. דאס האט נאטירלעך, זיך אויסגעווירקט אויך אויף זייער געזעלשאפטלעך גייסטיקער אנטוויקלונג.

הארהאדאק האט פארמאגט א היימישע פאלקס־אינטעליגענץ, וועלכע איז אויסגעוואקסן אין דער שטעטלשער ווירקלעכקייט, גוטע געזעלשאפטלעכע עסקנים מיט א טיפער אחריות פארן גורל פון זייער ישוב און אין דער צייט פון מלחמה, האָט מען געקענט זען אויך אזעלכע יידן, וועלכע האָבן ניט געגראבן קברים לויט א באפעל פון די נאַציס, נאָר מיט געווער אין האַנט פארטיידיקט זייער מענטשלעכן כבוד און יידישן שטאָלץ.

מיר האָפן, אז דער „יזכור בוך" וועט ווארפן א העל ליכט אויף דעם פארגאנגענעם לעבן און מיר וועלן ווידעראמאל דערזען הארהאדאק ווי זי האט אויסגעזען, איידער די דייטשן האבן זי פארניכטעט.

מיר דאנקן יעדן איינעם, דער עיקרשט, אונזערע טייערע חברים: אריה גרינוואלד, פארזיצער פון דער הארהאדאקער לאנדסמאנשאפט אין ישראל, מרדכי גאלדבערג — פארוואלטונגס־מיטגליד און בעסטער פריינט, משה זכאריעס — פארשטייער פון דער הארהאדאקער לאנדסמאנשאַפט אין אר־גענטינע, וועלכע האָבן א סך בייגעטראגן ביים שאַפן דאס ווערק, און מיר גיבן איבער דעם „יזכור־בוך" אין רשות פון דער ברייטער עפנטלעכקייט.

משה סימיון (שמן)

# הורודוק

הרשות המקומית (גמינע) של הורודוק כללה בתוך שטח שיפוטה 15 כפרים גדולים.

אוכלוסית הורודוק מנתה כ־5000 נפשות, מתוכם כ־4000 יהודים.

נציגי היהודים ב„גמינע" עד שנת 1939 היו: דוד יעקב קאגאן, רפאל מעלאמדאוויץ.

הרכבו של ועד הקהילה היה כדלקמן: יו"ר — וועלוול שיבאווסקי — נציג האזרחים, יוסף אבראמיצקי — פועה"צ ימין, וועלוול לעווין — בונד, אהרון שוסטער — ברית הצה"ר. מזכיר ועד הקהילה — שמואל זבינאוויץ.

בעיירה נתקיימו 13 בתי־חרושת גדולים כגון: 6 לטכסטיל, 1 מנסרה, 2 לחרסינה, 2 לשמן, 2 לסודה. כמו־כן, בתי־מלאכה דלקמן: נגריות, מסגריות, פחחיות, מאפיות, סנדלריות, חיטות כובענות, מספרות וכו'. שכבה רחבה של סוחרים, חנוונים, בעלי מלאכה ועגלונים. אולם רוב־רובה של האוכלוסיה — פועלי ביהח"ר לטכסטיל. אינטליגנציה ומקצועות חופשיים כגון: רופא, רוקח, מורים וכו'. נציגי דת ישראל: רב דמתא, שוחטים, דיינים. נציגי דת נוצריים: כומר קטולי, פופ פרבוסלבי וכו'. מוסדות דתיים: 5 בתי מדרשים ושטיבלעך, ולהבדיל: כנסיה פרבוסלבית, ובית־יראה קטולי.

מוסדות חילוניים כלליים: ה„גמינע", משטרה, דאר, מכבי־אש שיהודים ונוצרים שיתפו פעולה בה.

מוסדות חינוך ותרבות: תזמורת כלי־רוח, שע"י „מכבי־אש", השיגה מקום ראשון והוענק לה פרס הצטיינות בהתחרות איזורית מטעם מכבי־אש בשנת 1933. בית־ספר „תרבות" — 6 כיתות, בי"ס צ'ישא — שנתקיים עד שנת 1928 — 7 כיתות, בי"ס עממי פולני (פובשכני) — 7 כיתות. ספריה פולנית, ספריה ע"י בי"ס „תרבות", חוג דרמטי, שמנהלו היה יוסף אבראמיצקי.

מוסדות כספיים ופילנטרופיים: בנק קואופרטיבי יהודי כללי, גמ"ח, לינת הצדק לעזרת חולים, יתומים, מתן בסתר, הכנסת אורחים (הקדש), חברה קדישא ועוד.

איגוד מקצועי מעמדי, שמנה למעלה מ־1000 ח"ח, שרובם עבדו באריגה וצביעת בדים.

שלטון המדינה בהורודוק:

| | |
|---|---|
| רוסיה | עד 1914 |
| צבא־כיבוש גרמני | 1915 — 1918 |
| הסובייטים | 1918 — 1920 |
| פולין | 1920 — 1939 |
| סובייטים | 1939 — 1941 |
| צבא־כיבוש גרמני | 1941 — 1944 |
| פולין העממית | מ־1944 |




מפת הורודוק

# מיין שטעטעלע האראדאק

(געהייליקט אירע קדושים)

פון **שמעון קרינסקי** (אמעריקע)

צוויי גאסן אין „שטעטל״. דריי, פיר אויף „פיאסקעס״
אין מיטן א טייכל מיט א בריק פול מיט לעכער
צען הויכע קוימענס פון וועב-שטול פאבריקן,
וויטער בלויז הייזלעך מיט הילצערנע דעכער.

דריי שולן אין „שטעטל״. צוויי אויף די „פיאסקעס״
חסידישע שטיבלעך אין „שטעטל״ געווען
שבת און יום-טוב, ראש-חודש, אינדערוואכן
דריי דורות דאווענדיק תמיד געזען.

דער „הקדש״ געשטאנען ניט ווייט פונעם „מרחץ״
טירן און פענצטער האבן שטענדיק געפעלט
די „חברה קדישא״ האט אירע מכשירים
נאך יעדע „לוויה״ טריקענען געשטעלט.

איין-איינציקער דאקטאר געווען איז אין „שטעטל״.
אין דעם גבירישן געסל ווי א פריץ געלעבט
און דער אפטייקער ט׳געוווינט ווי א קייסער.
האלטן צוויי דינסטן ווער נאך האט געקענט?

די פאטשט איז אויף „פיאסקעס״ געווען פון קדמונים.
אין צענטער פון „שטעטל״, פארביי די פאבריקן,
פלעגט גיין דער „ראָזנאָשציק״ מיט בריוו אין די טאשן.
אים אלע באגלייטן מיט ווארעמע בליקן.

די וואַך איז באשטאנען פון צוויי פאליציאנטן
מיט א דארפישן פריסטאוו, שיכור ווי לוט.
ניקאלאיען פאר א שנעפסל גרייט צו פארקויפן.
דעם קנאַק — יאַנקעווו פארביסן מיט הערינג און ברויט.

אין „שטעטל״ געווען א רב מיט צוויי שוחטים
א דיין, א חזן מיט א לייבישן קול
ניט איינמאל ט׳פאסירט, אז פאר קאַראַבקע
זאל מען לייגן אין חרם הארא דאקער קהל.

שטאט-משוגעים געווען אין שטעטל:
איינער ט׳זיך אלס בעל-מופת געהאלטן
דער צווייטער ט׳געוויינט, געלאכט און געשריען
אז ער איז משיח און דעם ים גייט ער שפאלטן.

למדנים געווען א סך אין מיין שטעטל.
אויף דעם האט דער רב זיין „הסכמה״ געגעבן.
שעפסל דער ווייגער און משה-יודל דעם רבס
האבן אין בית-מדרש פארבראכט אן א סוף.

ברוך משה לייבס, אין נייעם בית-מדרש
מיט א חברה משניות ט׳געלערנט זיבעט יארן.
און ווען אברהם שלמה האט חומש געקנעלט
זיינען אלע יידן למדנים געווארן.

אין „מויער״ — בית מדרש, האט חברה עין-יעקב
ישראל-יאנקל-באדאנעס געהאט פאר א רבין
זיין „חזקה״ געווען, ימים נוראים
דאווענען „שחרית״ און נדבות געבן.

פון אלע פארטייען די „חובבי-ציון״
פון תמיד אין שטעטל די גרעסטע געווען
אין „מרכז״, ביי מאיר-מאטלען אויף „פיאסקעס״,
האט מען די יוגנט זיך פרייען געזען.

א מענטש א שטילער געווען איז דער לערער
אין זארעטשער געסל, אויף „פיאסקעס״ ט׳געוווינט.
געווען איז ער אויך דער קאזיאנער ראבינער
מיט ווירדע און כבוד דאס „שטעטל״ באשיינט.

סטודענטן אין שטעטל געווען זיינען ווייניק,
קלויזניקעס — זייער פיל.
בייטאג ביי די גמרות פארטיפט אין בית-מדרש
שפאצירט מיט מיידלעך, אין משמורים גאנץ שטיל.

די מיידלעך געשמט, אלס שיינהייטן גרויסע
האבן חברה געשטיפט און פארבראכט זייער פיין.
זעלטן געטראפן אז שפעט אין אָוונט
עס זאל ערגעץ א בחור שפאצירן אליין.

דאס שטעטל האט תמיד געקאכט און גערודערט
די פאראזוקעס האבן געפייפט צו דער צייט.
רייך געווארן זיינען טוך-פאבריקאנטן
פארדינט קוים אויף ברויט, האבן ארעמע לייט.

די לונסקים, אמדורסקים, די ברילס און ראפעלסקים
האבן דאס שטעטל פארן נאז גוט געפירט.
עס קעמפן די שפינער עס שטרייקן די וועבער
פאר ברויט און פאר פרייהייט צום קאמף רעצידירט.

— — — — — — — — —

יום-כיפור ניינצן הונדערט צוויי און פערציק
שוועסטער, ברידער, טאטע-מאמע, באבע-זיידע...
מען שלעפט מיין שטעטעלע צו דער עקדה — — —

# ה ו ר ו ד ו ק

(משלהי המאה התשע עשרה, תחילת המאה הנוכחית)

מאת **א. קוסובסקי** (ישראל)



## א. תולדות הורודוק.

אימתי קם ישוב יהודי בהורודוק, ומי קדם למי, הישוב היהודי או הנוצרי? באין נתונים מספיקים קשה הקביעה המדוייקת. יש להניח, כי הישוב היהודי התקיים כ־500 שנה, ויתכן שהישוב הנוצרי קדם לו. מתקבל על הדעת, כי תחילה התיישבו יהודים בודדים ברחובות הנוצרים ולאחר מכן, עם ריבוי מספר היהודים התפשט הישוב היהודי בהמשכם של רחובות הנוצרים מזרחה בכיוון לנחל. חלק זה קרוי היה בשם עיירה. (שטעטל, ברוסית — גורודוק; בפולנית — גרודק). עם התפתחות תעשיית הטכסטיל עבר הישוב היהודי לעברו השני של הנחל והתמקם על גבעת החולות — „פיאסקעס".

במאה ה־19 נשתיירו עדיין מספר משפחות יהודיות ברחובות הנוצרים שטיפחו גינות־ירק ליד בתיהם, כדוגמת שכניהם.

ראשיתו של הישוב היהודי בעיר הפלך גרודנה חלה בשנת 1389, והוא התקיים כ־600 שנה. אגב, הסופר הביאליסטוקאי הרשברג, מזכיר בספרו „פנקס ביאליסטוק" את הורודוק ומעשה שהיה: בשנת 1760 פרצה מחלוקת בין ביאליסטוק הקטנה לבין קהילת טיקטין, אשר נחשבה אז כעיר גליל. ביאליסטוק דאז היתה עיירה קטנה מאוכלסת ישוב יהודי דל והיתה מסופחת לעיר הגליל טיקטין. ברם, לכשגדל בה הישוב — וכל זה בעטיו של הרוזן הפולני ברניצקי, שהיה מעוניין במכירת אדמותיו ליהודים — החליטה הקהילה להיפרד מעל טיקטין ולהכריז על עצמה כעל עיר גליל נפרדת. ואגב־כך דרשה מקהילת טיקטין לוותר לטובת ביאליסטוק על מספר עיירות שבסביבה. ברשימת העיירות הנדרשות לסיפוח נזכרת הורודוק. עובדה זו, שמקורה מארכיון, מוכיחה כי כבר לפני 200 שנה היתה העיירה הורודוק מאוכלסת ישוב יהודי.

## ב. עיסוק ותעשיה.

רוב תושבי העיירה התפרנסו מיגיע־כפיהם ועסקו במלאכת האריגה, ואת פרנסתם השיגו בצמצום. עד מלחמת העולם הראשונה היתה נהוגה מלאכת האריגה בנולי־יד, ורק לאחר מכן החליפום בנולים מכניים. בתקופת נולי־היד שררה התחרות פרועה, שגרמה לירידת השכר. אחד הגורמים לכך היו האורגים שנקראו „ליינקעטניקעס", כלומר, אלה המקבלים מבעלי בתי־החרושת הרגילים את החומר הגולמי ומעבדים אותו בנולי־יד פרטיים בבתיהם, כמובן, ללא הגבלת שעות העבודה, בה בשעה שבבתי־החרושת הרגילים הקפידו על יום־עבודה של 8 שעות בלבד. התחרות פרועה זו גרמה לא אחת למריבות, שביתות ומעשי אלימות נגד המעבידים ונגד אותם הפועלים שלא שמרו על רמת שכר ושעות־עבודה תקינות. מעשי־אלימות אלה נסתיימו, כרגיל, בניפוץ שמשות.

מייסדי תעשיית הטכסטיל הראשונים היו: יהודה קרוננברג והירש ליב לונסקי, אשר, לעת זקנתו, מסר את עסקיו לבניו ובעצמו נסע לארץ־ישראל, התיישב בירושלים, בנה בית והקים בית־כנסת בשכונת אבן־ישראל, העומד שם עד היום. מספר התושבים היהודים נאמד אז כאלפיים, כ־1600 מהם התקיימו ממלאכת האריגה, טוויה והאשפרה ואילו השאר, כארבע מאות במספר, היו בעלי־מלאכה וסוחרים.

## ג. תנועות ומפלגות

בראשית דמאה הנוכחית היתה רוסיה נתונה באווירה של מרידות, שמגמתן — מיגור משטר הרשע של הצאר: משטר אשר לא זו בלבד שדיכא את כלל האוכלוסיה, אלא, שראש מאוייו היה להציק ליהודים. לא עבר יום בלא שתתרגש גזירה רעה, כגון גירוש, עלילת־דם, פרעות, שלילת זכויות וכו׳. היהודים נדחקו לתוך „תחום מושב", בתנאיי דלות ומחסור, נתונים לנגישות ולרדיפות. לא יפלא איפוא, כי באווירה משולהבת זו צצו אגודות, מפלגות ותנועות, ככמהין ופטריות, ואורגנו הפגנות פוליטיות. באחת ההפגנות, שערכה מפלגת ה„בונד" בעיירתנו, בה השתתפו המונים, נפצעו עשרות מפגינים יהודים שנורו ממארב על־ידי שוטר העיירה וכמה אזרחים נוצרים שונאי ישראל.

בין הארגונים החשובים יש לציין את אגודת הציונים הכלליים שנקראה בשם „חובבי ציון", אגודת „בנות־ציון", „פועלי ציון" וה„בונד". ה„בונד" נחשב ליריב החריף ובר־הפלוגתה לתנועה הציונית ולשפה העברית; דעתו, כידוע, היתה כי לאחר מיגור השלטון הצארי העריץ, ירווח ממילא גם ליהודים, ואילו הציונים טענו, כי אין תקומה לעם היהודי ולתרבותו, אלא בארץ־ישראל.

באספות הבלתי ליגאליות שנערכו בפינות רחובותיה של העיירה, אפשר היה לפגוש בנציגיהן של המפלגות השונות כשהם מתווכחים בלהט רב, מתפלפלים בבעיות

מדיניות ואידאולוגיות וכורכים את מארכס והרצל בנשימה אחת, וכל זה לשם עשיית נפשות לרעיונות מפלגתם. לאחר כשלון מהפכת 1905, השתולל נחשול פרעות ביהודי קישינוב, הומל, ביאליסטוק וכו׳. הנה־כי־כן, באה המציאות המרה והוכיחה את צדקת טענת הציונים, כי אין מוצא אחר ליהודים, אלא העליה לארץ־ישראל.

„חובבי ציון" ואגודת „בנות ציון", שנוסדו בעשור האחרון למאה הקודמת, פיתחו פעולה ציונית נרחבת, כגון ייסוד ספריה, מועדון (בשם ועד) עם אולם קריאה ועתונות בעברית, יידיש ורוסית. מפקידה לפקידה נתקיימו שם דרצאות על בעיות שונות. ביוזמת הציונים נפתחו בתי־ספר עבריים לבנים ולבנות; בשנת 1906 התארגנו כחצי תריסר צעירים וצעירות במטרה לעלות לארץ־ישראל ולהתיישב בה.

מסיבות שונות עלתה רק אחת הקבוצות ומספר שנים לאחר־מכן עלו עוד מתי־מספר מהורודוק, ורק לאחר מלחמת העולם דראשונה (תקופת גראבסקי) הגיעו ארצה מעיירתנו כמה עשרות צעירים וצעירות ובעקבותיהם — הוריהם ושאר בני משפחה. מן הראוי להזכיר מאורע תרבותי אחד, שהפך אז לחוויה לאומית בציבור, היינו: הצגת מחזה „זרובבל" מאת דסופר מ. ל. לילנבלום. המחזה עסק בתקופת שיבת־ציון בימי עזרא ונחמיה. השחקנים היו חברי האגודה הציונית שבעיירה. שניים מהם זכו לעלות ארצה בראשית העליה השלישית *. לציוני הורודוק היו קשרים הדוקים עם ציוני ביאליסטוק. עיר זו הצטיינה מאז ומתמיד בפעולה ציונית ערה. די להזכיר שני אישים, שהאצילו מרוחם על הסביבה, והם: הרב רב שמואל מוהילובר, מנהיג ציוני מפורסם, וד"ר י. הזנוביץ **, מייסד הספריה הלאומית בירושלים. בפעולתם למען ארץ־ישראל השפיעו השפעה רבה על המונים רבים בסביבה. יש לציין, כי עוד בשנת תרל"ח, עת נוסדה המושבה הראשונה פתח־תקווה, יצאו מביאליסטוק 12 משפחות לבנות ולהתיישב בה.

למפלגת ה„בונד" היתה השפעה רבה על הפועלים היהודים, באשר היא ניהלה מלחמת מעמדות, הגנה על האינטרסים של הפועלים ודגלה באוטונומיה לאומית. בעיירתנו היה עסקן בונדאי אחד בשם שעפסל קלופיציער, למרות שהיה יריב ללא פשרה לציונים ולציונות, יש להודות כי היה בחור ישר ואמיץ לב, הוא ידע לארגן שביתות ולהגן בנאמנות על ענייני הפועלים מבלי לבדוק לאיזו מפלגה הם משתייכים. בחור זה הטיל מוראו על בעלי בתי־חרושת ואת מרותו — על ציבור הפועלים. יצויין, כי גם הפועלים הנוצרים כיבדוהו לא מעט, ולא פעם עזרו לו להתחמק מידי הבולשת.

## ד. על כס הרבנות

בשלהי המאה שעברה ישב על כס הרבנות בעיירתנו הרב רב שפעסעלע ז"ל. בזכרונותיו נחרתו סיפורי ההורים על סגולותיו של רב זה. בחרדת קודש היו מזכירים את שמו ומספרים בשבחיו. גאון, עניו וצדיק בכל מעשיו. משתטחים היו על קברו בתפילה ותחנונים ומבקשים מעמו להיות מליץ־יושר לביטול כל גזירה רעה. ניתן להבין, כי לא בנקל הצליחו להשיג לו ממלא מקום. שנים רבות חלפו והעיירה הסתפקה בדיין בלבד, או־אז נמצאו מערערין שטענו כי לא יתכן, שעיירה ואם בישראל תהא שרויה בלא מרא־דאתרא תקופה כה ארוכה. בינתיים הופיעו מועמדים שונים, אחד מהם הצליח להוציא פתק מתוך הכיפה ולהיבחר. מאושר זה היה הרב ר׳ ניסן ברוידה, מי שהיה קודם לכן רב בעיירה קרעווע. נערכה לו קבלת־פנים מפוארת ברוב עם, בתחנת הרכבת. ר׳ ניסן היה בעל הדרת־פנים פטריארכלית, איש ליברלי וציוני. לאחר־מכן נבחר גם כציר לאחד הקונגרסים. קרה ופרצה שביתת פועלים ממושכת ומצב השובתים היה בכל רע. מה עשה הרב? חזר בכבודו ובעצמו על פתחי התושבים האמידים, קיבץ תרומות וחילקן בין השובתים. בעלי בתי־החרושת הסתכלו בו בעינים זועמות, ואילו הרב, שהיה בעל לב רחום וחנון, נימוקו עמו: אינו יכול להישאר אדיש שעה שפועלים יהודים, ביניהם בעלי משפחות גדולות, סובלים חרפת רעב. לפני פטירתו ביקש שהקהילה תמנה במקומו, על כס הרבנות, את חתנו לעתיד, הרב ציוני. — משאלתו נתקבלה.

הרב ציוני, אדם צעיר ומלא מרץ, לא הסתפק בד׳ אמות של הלכה, כי אם התמסר בלב ונפש לצרכי העיירה. מקום תפילתו הקבוע היה בבית מדרש „הבנוי" אך בין תפילת מנחה ומעריב נוהג היה לבוא לבית הכנסת בפיאסקעס, לתת שיעור למתפללים שהיו מתכנסים שם, ובזו הדרך עלתה קרנו בכל שכבות האוכלוסיה. נזדמן לי להכירו, בעבודה ציבורית משותפת, בוועד הקהילה, בשעת צרה ומצוקה.

עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה, בהתקרב גייסות דגרמנים הכובשים למחוז ביאליסטוק, נפל פחדם על התושבים. בעלי בתי־החרושת וכמוהם בעלי־בתים אמידים נמלטו על נפשם לפנים רוסיה. בבת־אחת נסתם מקור פרנסתם של הרבה מהתושבים, שלא הצליחו לברוח, ומצבם היה נואש. הגרמנים שדדו, חמסו, החרימו כל דבר ערך ובייחוד צרכי מזון. פרצו מגפות של דבר, טיפוס ודיזנטריה, כמעט שלא נמצא בית ללא חולה. מובן, שגם פרנסתו המצומצמת של דרב דתמוטטה. אף־על־פי־כן, היה מטלטל עצמו לביאליסטוק בעגלות־משא מדי שבוע בשבוע — בגשם, בשלג ובכפור, מכתת רגליו למוסדות השונים, כגון ועד הקהילה והג׳וינט, כדי להשיג מזון כלשהו לתושבי העיירה הדוויים, וזה בשעה שמצב בריאותו הוא התרופף מיום ליום מרוב סבל ודאגה.

לא אצא ידי חובתי, אם בהזדמנות זו לא אעלה על נס פעולה אנושית אחת שלו, שיש בה מדוגמת מסירות נפש למען הזולת. וזה המעשה: בהתקרב הגרמנים למחוז ביאליסטוק בסתו שנת 1915, נותק הקשר בין העיירה לבין העיר. אבי נסע לוואלקוביסק לקנות סוכר לשם מכירתו לתושבי העיירה. בהתקרבו עם עגלה טעונה סוכר למבואות העיירה, נעצר על־ידי משמר צבאי רוסי מפלוגת החבלנים, שהחרימו את הסוכר, אסרו את אבי והאשימוהו בריגול ובהברחת מזון לאויב. — עבירה זו, בשעת חירום, כרוך היה בה פסק־דין של מוות. לא הועילו כל תחנוניו של אבי, שאין הוא אלא תושב העיירה והסוכר נועד לצרכי התושבים בלבד. על כרחו הוליכוהו ברגל לכיוון וואלקוביסק להעמידו למשפט צבאי; משנודע הדבר

---

*) אחד השחקנים הוא דניאל מרקוס, אביה של שחקנית הקאמרי רחל מרקוס. השני מר ביילוס, יבל"א, ממשפחת מרדכי ליימע החנווני.

**) בכ"א כסלו תש"ך מלאו 40 שנה למיתו של ד"ר חזנוביץ.

לרב ציוני לא שקט ולא נח עד שהגיע לקציני המשמר, דיבר על לבם ושכנעם כי אמנם כנים הם דבריו של האסיר והפציר בהם לשחררו מיד. דומה שהושפעו מדבריו והבטיחו לפעול לשיחרור אבי ואמנם, בעודו בדרך נקרא אבי לקצינים הללו, ולאחר חקירה קצרה שיחררוהו באומרם: „בר־מזל הנך, אשריך שהרבין ציוני המליץ עליך".

## ה. בתי־מדרש ובתי־חסידים.

דיו בעיירה שלושה בתי־מדרש, שני בתי־חסידים ובית־כנסת. — בניין עץ גדול ועתיק־יומין ובו ארון־קודש מפואר עם תבליטי חיות ועופות בצבעיהם הטבעיים, מעשה ידי אמן להתפאר. רוב דאוכלוסיה היו מתנגדים, אולם לא הפגינו שום התנגדות לחסידים. בין החסידים היו כמה מאות שהזדהו עם שושלת סלונים וקוברין. דרביים היו מבקרים בעיירה ואפילו מתנגדים היו נוהגים לבוא לשולחן הרבי, לשמוע דברי תורה. נוסף על אלה היה עוד כמנין חסידים, שלא הזדהו עם שום שושלת. כינו אותם בלעג סתם חסידים בעלי „הודו ופריוד", כלומר מקדימי הודו לברוך־שאמר בתפילת שחרית.

למותר להדגיש, כי אף פעם לא פרצו, חלילה, מריבות בין מתנגדים והסידים כדרך שקרה בהרבה קהילות אחרות.

## ו. בסיכום.

תקצר היריעה מלהזכיר את כל האירועים שאירעו במחוז נעורי. רבים האנשים שנשאו בעול צרכי הציבור באמונה ובאחריות. בהם עסקנים ציונים, שהקדישו מזמנם ומרצם לפעולות ציוניות, שלא על מנת לקבל פרס או להפיק הנאה חומרית. ובזכרי כל אלה דואב הלב על הגורל האיום שנפל בחלקה של עיירתנו. איכה נפלה שדודה עיירתנו בת־דדורות, תוססת דהיים והיצירה... איכה עיירתי הורודוק, עריסת ילדותי, הפכת בידי הקלגסים הנאציים לעיר מתים ללא שריד ופליט... רצה הגורל שגם שוכני עפר לא ידעו מנוחה, כי בית־העלמין, שהיו טמונים בו צדיקים, ישרים ותמימים, נחרב. עצמותיהם נחרשו, ומאבני המצבות של הקדושים והטהורים נסללו רחובות שאף רגל יהודי אינה דורכת עליהם.

איכה?!

ר."א, ח"י בשבט תש"ך.

# האראדאק

(ענדע 19־טן יארהונדערט, אָנפאנג 20־טן יארהונדערט)

פון א. קאסאווסקי (ישראל)

## א. אויפקום פון האראדאק

ווען איז אנטשטאנען א יידישער יישוב אין האראדאק? און ווער איז אויפגעקומען פריער, דער יידישער יישוב אדער דער קריסטלעכער? צוליבן מאנגל אין פאקטישן מאטעריאל איז שווער געגוי פעסטצושטעלן. אבער עס איז צו גלויבן, אז דער יידישער יישוב עקזיסטירט אומגעפאר אן ערך 500 יאר. עס איז אויך מעגלעך אז דער קריסטלעכער יישוב איז געווען פאר דעם יידישן. עס לייגט זיך אויפן שכל אז צוערשט האבן זיך איינצלנע יידן באזעצט אין די קריסטלעכע גאסן, און דערנאכדעם, מיטן פארמערן זיך פון די יידן, האט זיך פארשפרייט דער יידישער יישוב אלס המשך פון די קריסטלעכע גאסן אויף מזרח אין דער ריכטונג צום טייך. אט א דער טייל האט געהייסן „שטעטל"; אויף רוסיש — גאראדאק, אויף פויליש — גרודעק מיט דער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע האט דער יידישער יישוב אריבער־געשפאנט דעם טייכל און געשלאגן ווארצלען אויף דעם זאמדיקן בערגל — „פיאסקעס".

אין דעם 19 יארהונדערט האבן נאך געלעבט א צאל יידישע משפחות אין די קריסטלעכע גאסן און לויט דעם מוסטער פון זייערע שכנים געפלעגט אויבסט־גארטנס נעבן זייערע הייזער. עס איז כדאי צו פארצייכענען, אז דאס אנטשטיין פון יידישן יישוב אין דער גובערניע־שטאט גראָדנע איז געשען אין 1389 יאר, ער האָט עקזיסטירט ביי אַ 600 יאר. אגב, דער ביאליסטאקער שרייבער, הערשבערג, דערמאנט אין זיין ספר „פנקס ביאליסטאָק"־האראדאק, פאלגענדעס: אין 1760 יאר איז אויסגעבראכן א מחלוקת צווישן דעם קליינעם ביאליסטאָק און דער טיקטינער קהילה, וואס האָט זיך דאן גערעכנט אלס א קרייז־שטאָט. די דאמאלסדיקע ביאליסטאָק איז געווען געבונדן מיט טיקטין, נאר ווען עס איז אין איר אויסגעוואקסן א יישוב, — און דאס אלץ צוליב דעם פוילישן פירשט בארניצקי, וועלכער איז געווען פאראינטערעסירט אין פארקויפן זיינע באדנס די יידן, — האט די קהילה באשלאסן זיך שיידן פון טיקטין און פראקלאמירן זיך אלס באזונדערע קרייז־שטאט, און געפאדערט דערביי פון דער טיקטינער קהילה מוותר זיין לטובת ביאליסטאָק אויף א צאל שטעטלעך אין דער אומגעגנט. אין דער רשימה פון די שטעטלעך וועלכע זיינען געפאדערט זיך אנצושליסן ווערט דערמאנט האראדאק. אט א דער פאקט (וואס ווערט באשטעטיקט פון ארכיוו, גילט אלס אַ באווייז, אז מיט איבער 200 יאר צוריק, איז אין האראדאק געווען א יידישער יישוב.

## ב. באשעפטיקונג און אינדוסטריע.

דאס רוב שטעטלשע איינוווינער זענען געווען יגיע־כפימניקעס, און געארבעט אלס וועבער. און שווער פארדינט אויף זייער פרנסה. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די וועבעריי אנגעגאנגען אויף האנט־נולן, ערשט דער־נאכדעם האט מען זיי אומגעטוישט אויף מעכאנישע נולן. אין דער תקופה פון די האנט־נולן האט געהערשט א ווילדע קאנקורענץ, וואס האָט גורם געווען צום פאלן פון דעם ארבעטס־לוין. איינע פון די סיבות דערצו זענען געווען די וועבערס וועלכע

האבן געהייסן „לײנקעניקעס”. דאס הייסט, די יעניקע וועלכע באַקומען פון די פאבריקאנטן רוי־מאַטעריאל און ארבעטן אויף פריוואטע האנט־נולן ביי זיך אין דער היים אומבאגרענעצטע ארבעטס־שעהן. אין דער צייט, ווען אויף די פאבריקן האט מען אויפגעפאסט אויף 8 שעהדיקן ארבעטס־טאג. אט א די ווילדע קאנקורענץ האט ניט איינמאל געבראכט צו קריגערייען, שטרייקן און געוואלט־אקטן קעגן די ארבעטסגעבער, ווי אויך צווישן די ארבעטער צוליב ניט אפהיטן דעם ניווא פון ארבעטס־לוין און נארמאלע ארבעטס־שעהן.

ווי געוויינלעך, זענען אַט אַ די געוואלט־אקטן געקומען צום אויסדרוק אין ברעכן שויבן.

די ערשטע גרינדער פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע זענען געווען: יהודה קראנענבערג און הירש־לייב לונסקי, וועלכער האט אויף דער עלטער, איבערגעגעבן זיינע געשעפטן די זין און אליין אוועקגעפארן קיין ארץ־ישראל, זיך באזעצט אין ירושלים, אויפגעבויט א הויז און אויפגעשטעלט א שול אין דער שכונה אבן־ישראל וואס עקזיסטירט עד היום. די צאל יידישע תושבים האט מען דאן געשאצט אויף 2000, פון זיי האבן 1600 געלעבט פון וועבעריי און שפינעריי און די איבעריקע 400 זענען געווען בעלי־מלאכות און קליינהענדלער.

## ג. באוועגונגען און פארטייען

אנפאנג דעם צוואנציקסטן יארהונדערט האט אין רוסלאנד געהערשט אן אטמאספער פון אויפשטאנדן, וואס זייער ציל איז געווען ארונטערצווווארפן דעם רשעותדיקן רעזשים פונעם צאר, וועלכער אויסער אונטערדריקן דאס גאנצע פאלק — האט זיך געשטעלט אלס א הויפט־ציל צו דאקוטשען די יידן. עס איז ניט פארביי א טאג אן א שלעכטע גזרה ווי פארשיקונג, בלוט־בילבול, פאגראמען, רעכט־דיסקרימינאַציעס אא״וו. די יידן זענען ארייננגעשטויסן געווארן אין אן ענגע ווינ־זאַנע, אין באדינגונגען פון אָרעמקייט און דחקות, אויסגעשטעלט אויף רעפרעסיעס און רדיפות. וואס איז דער וואונדער, אז אין אַט אַזאַ אָנגעלאָדענער אַטמאָספער האבן ארויסגעשפראצט פארטייען און באוועגונגען ווי שוועמלעך נאך א רעגן און עס זענען צושטאנד געקומען פאליטישע דעמאָנסטראציעס. אין איינער פון די דעמאָנסטראציעס, איינגעארדנט דורך דער פארטיי „בונד” אין אונזער שטעטל, אין וועלכער עס האבן אנטיילגענומען גרויסע מאסן, זענען פארוואונדעט געווארן עטלעכע צענדליק יידישע דעמאָנסטראַנטן, פון די קוילן פון שטעטלשן פּאָליציאנט און פון עטלעכע קריסטלעכע תושבים, שונאי־ישראל.

צווישן די וויכטיקע ארגאניזיאציעס איז צו באצייכענען דעם פארבאנד פון אלגעמיינע ציוניסטן אונטערן נאמען „חובבי ציון”, דעם פארבאנד „בנות ציון”, „פועלי ציון” און „בונד”. דער „בונד” איז געווען א שארפער קעגנער און א בר־פלוגתהה צו דער ציוניסטישער באוועגונג און דער העברעאישער שפראך. ווי באקאנט, האט ער זיך געהאלטן ביי דער מיינונג, אז נאכן ארונטערווארפן דעם דעספאטישן רעזשים פונעם צאַר, וועט ממילא דאס לעבן פרייער ווערן אויך פאר די יידן, קעגן דער טענה פון די ציוניסטן, אז עס איז ניט פאראן קיין אויפקום פאר דעם יידישן פאָלק און זיין קולטור אויסער ארץ־ישראל. אויף אומלעגאלע פארזאמלונגען און אויף די גאסן פונעם שטעטל האט מען געקענט באגעגענען די שליחים פון די פארשיידענע פארטייען, וועלכע האָבן פייערדיק דיסקוטירט און זיך געפילפולט וועגן אידעאָלאָגישע און פאליטישע פראבלעמען. צוזאמענגעפלאכטן מארקסן מיט הערצלען, און דאס אלץ כדי צו שאפן אנהענגער פאר די פראגראמען פון זייערע פארטייען. נאכן דורכפאל פון דער רעוואלוציע אין 1905 יאר, איז אויסגעבראכן א כוואליע פון פאגראמען אויף יידן אין קעשענעוו, האמעל, ביאליסטאָק און אנדערע פלעצער. און אט אזוי איז געקומען די ביטערע ווירקלעכקייט און נאך מער פארשארפט דעם וויכוח צווישן „בונד” און די ציוניסטן, וועלכע האָבן געטענהט, אז ס׳איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג אויסער עמיגראציע קיין ארץ־ישראל.

„חובבי־ציון” און דער פארבאנד „בנות־ציון”, וועלכע זענען אויפגעקומען אין דעם לעצטן יארצענטליק פון פאריקן יארהונדערט, האבן אנטוויקלט א ברייטע ציוניסטישע טעטיקייט, געגרינדעט א ביבליאטעק, א קלוב מיט א לייען־זאַל און פארשפרייט צייטונגען אין העברעאיש, יידיש און רוסיש. פון מאל צו מאל פלעגט מען פאראנשטאלטן רעפעראטן אויף אקטועלע און אַנדערע טעמעס. די ציוניסטן האָבן געעפנט העברעאישע שולן פאר יינגלעך און מיידלעך, אין 1906 יאר האבן באשלאסן ביי א האלבן מנין יונגע־לייט, מענער און פרויען, צו פארן קיין ארץ־ישראל כדי זיך דארטן צו באזעצן. צוליב פארשיידענע סיבות איז נאר איינער פון אט דער גרופע געקומען אין ארץ־ישראל און מיט אפאר יאר שפעטער נאך עטלעכע פון הארעדאק. ערשט, נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, (גראבסקיס צייט), זענען אוועק פון אונזער שטעטל נאך עטלעכע צענטליק בחורים און מיידלעך און דערנאך ארויפגעבראכט זייערע עלטערן און אנדערע משפחה־מיטגלידער.

עס איז כדאי צו דערמאנען א קולטור־אימפרעזע וואס האָט זיך פארוואנדלט אין א נאציאנאַל־געזעלשאַפטלעכער דערשיינונג דהיינו: די פארשטעלונג „זרובבל” פונעם שרייבער מ. ל. ליליענבלום. איר אינהאלט — די תקופה פון שיבת־ציון אין דער עפאכע פון עזרא און נחמיה. די אקטיארן זענען געווען מיטגלידער אין דעם ציוניסטישן פארבאנד אין שטעטל. צוויי פון זיי איז געלונגען עולה צו זיין קיין ארץ אָנפאנג דער דריטער עליה.

די ציונים אין הארעדאק האָבן געהאט ענגע פארבינדונגען מיט די ציונים פון ביאליסטאק, וועלכע האט פון שטענדיק אן זיך אויסגעצייכנט מיט איר אקטיווער ציוניסטישער טעטיקייט. גענוג צו דערמאנען צוויי פערזענלעכקייטן וועלכע האבן גייסטרייך באווירקט זייער סביבה: הרב שמואל מאהילעווער, א בארימטער ציוניסטישער מנהיג און ד״ר וו. כאזאנאוויץ, דער גרינדער פון דער נאציאנאַלער ביבליאטעק אין ירושלים. מיט זייער טעטיקייט פאר ארץ־ישראל האבן זיי שטארק משפיע געווען אויף ברייטע מאסן אין דער אומגעבונג. כדאי צו באמערקן, אז נאך אין יאר תרל״ח, ווען עס האָט זיך געגרינדעט די ערשטע קאָלאָניע אין פתח־תקווה, זענען ארויסגעפארן פון ביאליסטאק 12 משפחות זיך צו באזעצן און זי צו בויען.

די פארטיי „בונד” האט געהאט א גרויסע השפעה אויף די יידישע ארבעטער, ווייל זי האט געפירט א קלאסן־קאמף

און פארטיידיקט זייערע אינטערעסן און אויך געקעמפט פאר נאציאנאלער אויטאנאמיע. אין אונזער שטעטל איז געווען א בונדישער עסקן מיטן נאמען שפעסל קלאפיציאר. ער איז געווען א קאנסעקווענטער קעגנער פון ציוניזם, אבער אן ערלעכער און דרייסטער מענטש, אנגעפירט מיט שטרייקן און פארטיידיקט געטריי די אינטערעסן פון די ארבעטער, ניט לייגנדיק קיין אכט אויף זייער פארטיי־אנגעהעריקייט. אט דער בחור האט אנגעווארפן א מורא אויף די פאבריקאנטן און געווען באליבט אויך ביי די קריסטלעכע ארבעטער וועלכע האבן אים זייער געשעצט, און ניט איינמאל אים געהאלפן זיך ארויסצודרייען פון די פאליציייאישע הענט.

## ד. אויפן רבנישן שטול

סוף פאריקן יארהונדערט האט געפראוועט רבנות אין אונזער שטעטל הרב רב שעפסעלע ז"ל. אין מיין זכרון האבן זיך איינגעקריצט די דערציילונגען פון די עלטערן וועגן די אייגנשאפטן פון אט דעם רב. מיט היילקן ציטער פלעגן זיי דערמאָנען זיין נאָמען און דערציילן וועגן אים שבחים. א גאון, א עניו און א גרויסער צדיק. מען פלעגט גיין צו זיין קבר מיט א תפילה און בעטן ביי אים, ער זאל זיין א מליץ־יושר צו בטל מאכן יעדע שלעכטע גזרה. דערפאר איז ניט לייכט אָנגעקומען צו געפינען א רב, אלס שטעטל־פארטרעטער אויף זיין הויכן אמט. און אַ סך יארן האט זיך דאס שטעטל באגנוגנט בלויז מיט א דיין, דאמלט האבן זיך אָפּגעפונען יידן, וואס האָבן געטענהט, אז ס'איז ניט גוט פאר הארדאק, אזא לאנגע תקופה צו פארבלייבן אן א רב. אינצווישן זענען דערשינען פארשיידענע רבנים אלס קאנדידאטן און לויט א גורל, דורך ארויסציען א קוויטל פון א יארמלקע, איז אויסגעקליבן געווארן דער רב ר' ניסן ברויזא, דער פריערדיקער רב פונעם שטעטל קרעווע, וועמען מען האט איינגעארדנט א פייערלעכן קבלת־פנים אויף דער באן־סטאנציע. רב ניסן האט געהאט א פאטריארכאלן אויסזען, ער איז געווען א ליבעראלער מענטש און א ציוניסט, און איז אַפילו געוויילט געווארן אלס דעלעגאַט צו איינעם פון די ציוניסטישע קאנגרעסן. האט איינמאל פאסירט, אַז עס איז אויסגעבראכן א לאנגדויערנדער שטרייק און די לאגע פון די שטרייקערס איז געווען זייער שלעכט. וואס האט געטאן דער רב? — ער האט מטריח געווען זיין כבוד און אוועק איבער די הייזער פון די פארמעגלעכע תושבים, צענויפ־געזאמלט באשטייערונגען און צעטיילט צווישן די שטרייקערס. די פאבריקאַנטן האָבן געקוקט אויף אים מיט שלעכטע אויגן, אבער דער רב — מיט זיין מענטשלעך־ווארעמער הארץ — האָט אָפּגעענטפערט, אז: „איך קען ניט צוזען גלייכגילטיק ווי יידישע ארבעטער, צווישן זיי גרויסע בעלי־משפחות, ליידן הונגער און נויט". פארן טויט האט ער אויסגעדריקט זיין ווונטש, אז די קהילה זאָל באשטימען אויף זיין רבנישן פלאץ זיין צוקונפטיקן איידים — הרב ציוני. זיין בקשה איז דערפילט געווארן.

הרב ציוני, א יונגערמאן פול מיט ענערגיע, האָט זיך ניט באגנוגנט מיט די ד' אַמות פון הלכה, נאר ער האט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן פאר די צרכים פונעם שטעטל. זיין שטענדיקער פלאץ פון דאוונען איז געווען אין געמויערטן בית־מדרש, אבער צווישן מנחה און מעריב פלעגט ער זיך אראפכאפן אין דער שול אויף די „פיאסקעס" און געבן א שעור די מתפללים וועלכע פלעגן זיך דארטן צוזאמענקומען. א דאנק דעם, איז ער געווארן חשוב און אנגעזען ביי אלע שיכטן פון דער באפעלקערונג. מיר איז אויסגעקומען זיך צו באקענען מיט אים ביי א בשותפותדיקער אקציע אין וועד הקהילה, אין א שווערן מאמענט פון צרות און נויט.

מיטן אויסברוך פון דעם ערשטן וועלט־קריג, ווען די אנגרייפנדע דייטשן האבן זיך דערנענטערט צו ביאליסטאקער ראיאן, איז ארויפגעפאלן א פחד אויף די איינוווינער פונעם שטעטל. די פאבריקאנטן און די פארמעגלעכע בעלי־בתים האבן זיך דערשראקן און אַנטלאָפן טיף אין רוסלאנד. מיט איינמאל האט זיך אפגעהאקט דער מקור פון פרנסה פון א סך יידן, וועלכע עס איז ניט געלונגען צו אנטלויפן און זיי זיינען געבליבן אין א פארצווייפלטער לאַגע. די דייטשן האבן געגזלט, גערויבט און קאָנפיסקירט יעדע ווערטפולע זאך, דער עיקר שפייז־פראדוקטן. עס זענען אויסגעבראכן מגפות פון טיפוס און דיזענטעריע. עס איז ניט געווען כמעט א שטוב אן א קראנקן. פארשטייט זיך, אז אויך די באגרענעצטע פרנסה פונעם רב איז צוזאמענגעבראכן געווארן. טראָץ דעם, פלעגט ער וואך־איין וואך־אויס פארן מיט א לאסט־וואגן קיין ביאליסטאק אין רעגן, שניי און פראסט, אפשלאגן די טירן פון די פארשיידענע אינסטיטוציעס, ווי דער וועד־הקהילה און דער דזשאָינט כדי צו באקומען א ביסל שפייז פאר די ליידנדע תושבים פון שטעטל, און דאס אלץ האט ער געטאן בשעת זיין אייגענער געזונט־צושטאנד האט זיך פארערגערט פון טאג צו טאג פון אייגענע צרות און דאגות־הכלל.

איך וועל ניט דערפילן מיין אויפגאבע, אויב איך וועל ביי דער געלעגנהייט ניט פארצייכענען זיינס א מענטשלעכע טאַט, וואס קען דינען אלס א מוסטער פון מסירות־נפש. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט אין הארבסט 1915 יאר צום ביאליסטאקער ראיאן האט זיך די פארבינדונג צווישן שטעטל און דער שטאט איבערגעריסן און מיין פאטער ע"ה איז אוועקגעפאן קיין וואלקאוויסק קויפן צוקער, כדי צו פארקויפן די איינוווינער פון שטעטל. ווען ער האט זיך דערנענטערט מיט א פול געלאדענעם וואגן צום שטעטל איז ער פארהאלטן געווארן פון א רוסישן פאטרול פון אן אפטיילונג סאפיארן, וועלכע האבן קאנפיסקירט דעם צוקער, ארעסטירט מיין טאטן און אים באשולדיקט אלס א שפיאן און שפייז־שמוגלער לטובת דעם שונא, אַן עבירה פאר וועלכער עס דראט אין קריגס־צייט מיט א טויט־אורטייל.

עס האט ניט געהאלפן זיין בעטן זיך און די טענות, אז ער איז נאר א תושב פון שטעטל און דער צוקער איז באשטימט נאר פאר דעם געברויך פון די איינוווינער. מען האט אים אוועקגעפירט צופוס קיין וואלקאוויסק כדי אים צו משפטן פארן מיליטערישן געריכט. דער ענין איז דערגאנגען צו הרב ציוני. האט ער ניט גערוט, ביז ער האט זיך דערשלאגן צו די אָפיצערן פון דעם פּאַטרול, ער האָט לאנג גערעדט צו זיי, און זיי איבערצייגט, אז דער ארעסטירטער זאגט אמת און געבעטן, זיי זאלן אים באפרייען. ווארשיינלעך, אז זיי זענען באווירקט געווארן פון זיינע רייד און זיי האָבן

צוגעזאָגט אלץ צו טאָן פאר זיינעטוועגן. און ווירקלעך, נאָך זייענדיק אונטערוועגס, איז מיין פאטער נאך א קורצער אויספארשונג באפרייט געווארן דורך די רוסן, וועלכע האבן צו אים אזוי געזאגט: „דו האסט א גרויס מזל. דיין גליק, וואס דער ראבין ציוני האט זיך איינגעשטעלט פאר דיר.״

## ה. בתי־מדרשים און חסידישע שטיבלעך

עס זענען געווען אין שטעטל דריי בתי־מדרשים, צוויי חסידישע שטיבלעך און איין שול, אן אלטפרענקישע געביידע פון האלץ מיט א גרויסארטיקן ארון־קודש באצירט מיט שניצערייען פון חיות און עופות אין זייערע נאטירלעכע פארבן, א ווונדערבאר קונסט־ווערק. די מערהייט פון דער באפעלקערונג זענען געווען מתנגדים נאר זיי האבן ניט ארויסגעוויזן קיין קעגנערשאפט צו די חסידים.

טעלעכע הונדערט חסידים האבן אנגעהערט צו די סלאנימער און קאברינער הויפן. די רביים פלעגן באזוכן דאָס שטעטל און אפילו די מתנגדים פלעגן נוהג זיין צו קומען צום רבינס טיש, הערן דברי־תורה. אויסעדעם זענען געווען ביי א מנין חסידים וועלכע האבן צו קיינעם ניט געהערט. מען האט זיי גערופן מיט חוזק סתם־חסידים מיטן „הודו ופעריאַד״, דאָס הייסט: די וואס זאגן הודו פאר ברוך־שאמר ביים דאווענען שחרית.

עס איז איבעריק צו אונטערשטרייכן אז עס האבן, חלילה קיינמאל ניט אויסגעבראכן קיין קריגערייען צווישן מתנגדים און חסידים, ווי עס האט פאסירט אין א סך אנדערע קהילות.

## ו. צום סך־הכל

עס איז צו קליין דער פלאץ, כדי צו דערמאנען אלע געשעענישן וועלכע האבן זיך פארלאפן אין מיין יוגנט־שטאט. א סך מענטשן האבן אויף זיך געטראגן דעם שווערן עול פון גרויסשאפטלעכער ארבעט און אויסגעפילט זייער פליכט ערלעך און געטריי. צווישן זיי, ציוניסטישע עסקנים און אויך אַנדערע טוער, וועלכע האָבן אוועקגעגעבן זייער צייט און ענערגיע ניט פאר קיין געלט אדער אנדערע מאטעריעלע פריווילעגיעס פאר זיך. און דערמאנענדיק דאס אַלץ, פארקלעמט מיר ס'האַרץ אויף דעם שרעקלעכן גורל וואס איז אויסגעפאלן אויף אונזער שטעטעלע, וועלכע האט געיווירט מיט לעבנס־זאפטן און שאפונגס־קרעפטן. וויאזוי האט פאסירט אז מיין שטעטעלע הארעדאק, דאס וויגעלע פון מיין קינדהייט, האט זיך פארוואנדלט דורך די בלוטיקע הענט פון די נאצישע הענקערס אין א טויטע שטאט אן א שריד ופליט. דער בייזער גורל האט געוואלט, אז אפילו די טויטע זאלן ניט וויסן פון קיין רו. ווייל דער בית־עולם, אויף וועלכן עס זענען געלעגן באַהאַלטן צדיקים, ערלעכע און לויטערע יידן איז חרוב געווארן. זייערע ביינער צעאקערט, און פון די שטיינערנע מצבות וואס איבער די קדושים וטהורים, האט מען געפּלאַסטערט גאסן און וועגן, וואס קיין פוס פון א יידן וועט אויף זיי מער ניט טרעטן.

איכה?!

ת״א ח״י בשבט תש״ך

# הארעדאק און מיכאלאווע

(צום יאָרצייט נאָך אונדזערע אומגעקומענע קהילות)

פון ז. לעווין (ארגענטינע)

אונזער שטעטעלע האָראָדאָק איז געווען א געוויינלעך שטעטל, ווי אַלע שטעטלעך פון פוילן און ווייס־רוסלאנד, וואס זייערע קהילות זיינען אזוי מערדערלעך אומגעקומען דורך די נאצישע בעסטיעס. מיר קאָנען זיך ניט באַרימען מיט אונדזער שטעטל, אזוי ווי אנדערע. פון אונזער שטעטל זענען קיין באַרימטע רבנים, שרייבער, פּאָעטן ניט ארויסגעקומען. א גאנץ געוויינלעך שטעטל, אָבער דאָך אנדערש. האָראָדאָק, וועלכע האָט זיך געפונען 35 קילאָמעטער פון דער טעקסטיל־שטאָט ביאַליסטאָק, איז געווען בלויז אן ארבעטער־שטעטל. די גאַנצע יידישע באפעלקערונג האָט געלעבט פון דער ארבעט אין די דערבייאיקע טעקסטיל פאבריקן. אויך דאָס שוועסטער־שטעטל מיכאַלאָווע, וואס האָט זיך געפונען 7 קילאָמעטער פון האָראָדאָק, האָט געהאט דעם זעלבן אויסזען מיט די זעלביקע פּראָבלעמען ווי האָראָדאָק.

א צייט פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען האָראָדאָק און מיכאַלאָווע געווען אַ וויכטיק געווער אין די הענט פון די פארטיידיקער קעגן די צארישע אנטיסעמיטישע אָנפאלן אויף יידן קעגן וועלכע זייערע צייטונגען פלעגן ארויסטרעטן מיט שארפע אנטיסעמיטישע בילבולים, אז די יידן זיינען אַ פּאַראַזיטיש פאָלק, וואָס לעבט אויף יענעמס חשבון. דאן פלעגט מען זיי אָנווייזן אויף האָראָדאָק און מיכאַלאָווע און זיי זאָגן: אָט דאָס זיינען די פאראזיטן וואָס לעבן אויף יענעמס חשבון, ארבעטנדיק שווער פאר א הונגער לוין 12 און 14 שעה א טאג! יידן האָבן געארבעט אין די פאבריקן פון דער פריסטער יוגנט ביז אין טיפסטן עלטער. אפילו די נעמען פון די איינוווינער זיינען געווען טעקסטיל־נעמען, לויט דעם פאך, וואס זיי האָבן פארנומען אין פאבריק. און די יידן דאָבן ניט פארגעסן וועגן יידישקייט, גיין דאווענען דריי מאָל א טאָג, בויען שולן, בתי־מדרשים, א תלמוד־תורה פאר אָרימע קינדער און אנדערע קהלשע אינסטיטוציעס.

שפעטער ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ארבעטער באוועגונג האָבן די האָראָדאָקער יידישע ארבעטער די ערשטע אויפגענומען דעם קלאסן קאמף, קעמפנדיק פריער פאר בעסערע עקאָנאָמישע באדינגונגען און נאָכדעם ווען עס האָבן זיך פאָרמירט פארטייען, ווי דער „בונד״, „פועלי ציון״ אא״וו, האָט שוין דער קאמף אָנגענומען אויך א פּאָליטישן

שפּינען, וועבן און אפּאַראַטורן און דערצו, דער טייך סופּראַסל, וועלכער איז געבענטשט מיט זייער א גוטן וואַסער, האָט דערמעגלעכט צו ענדיקן א גוטן מעטער סחורה צום געהעריקן טערמין. דערפאר האבן די ביאַליסטאָקער גרויסע טעקסטיל אינדוסטריעלער אריבערגעשיקט זייערע רויע סחורות אויף אויסצופּאַרטיקן אין די האראַדאַקער אפּאַראַטורן. פון וואַנען האָבן די פאַבריקן גענומען אזויפיל ארבעטס־הענט? די דערפער ארום שטעטל האבן אריינגעשיקט אין די פאַבריקן זייערע זין און טעכטער און אזוי ארום האט זיך געשאפן א פריינטשאַפט צווישן די יידן און די קריסטן. אין האראַדאַק האט מען געזאָגט: אז יעדער ייד האט זיין גויעשן פריינט.

די יידישע וועבער־ארבעטער האבן געשאפן א גוט ארגאַניזירטן טעקסטיל־פאריין און זיי האבן זיך באמיט צו ארגאַניזירן אויך די קריסטלעכע ארבעטער, וועמענס נויטן זענען קלענער געווען, צוליב זייערע פעלדער אויפן דארף, וועלכע האבן זיי געגעבן צום לעבן. א דאנק אט א דער נאָענטקייט צווישן די יידן און די קריסטן, האָבן די יידישע איינוווינער פון האראַדאַק געלעבט א רויק לעבן און זיך געקענט ווי געהעריק אפּגעבן מיט זייער עקאָנאָמישער, גייסטיקער און קולטורעל־פּאָליטישער אנטוויקלונג.

טאַקע זיי, די גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן האבן געגעבן דעם גרויס־שטאָטישן אויסזען, דעם קליינעם שטעטעלע האראַדאַק און געשאפן א סך ארבעטס־קוואַלן פאר א סך אנדערע פאכן. איך וויל דא דערמאָנען די יידישע בעלי־עגלות, וועלכע האבן געפירט די רוי־שטאָפן פון ביאַליסטאָק קיין האראַדאַק און די פאַרטיקע סחורות פון האראַדאַק קיין ביאַליסטאָק. די דאָזיקע בעלי־עגלות מיט זייערע שטאַרקע מוסקולן, זיינען געווען טייערע יידן מיט גוטע נשמות און ניט איינמאל האבן זיי געראַטעוועט דאס שטעטל אין א עת־צרה, ספּעציעל אין די פּוילישע צייטן. איך וויל דא באַערן דעם אָנדענק פון די טייערע יידישע מענטשן, די גאָר גרויסע פאַמיליעס פון די בעלי־עגלות: די שעפּקעס, די וויאַרסטן, די גורקערס, א״א.

פון דעם ברייטן פּלאַץ אויף „פּיאַסקעס" האבן זיך געצויגן אויף אלע זייטן, שמאָלע געסלעך פול באַוווינט מיט יידישע פאַמיליעס. איינע פון זיי האָט געפירט צו די דייטשע מאָגילקעס. א קליין וועלדל, ווו די יידישע יוגנט האט פארבראַכט אין דער פרייער צייט אויף פּאָליטיש־קולטורעלע באַראַטונגען. אין דעם דאָזיקן געסעלע האט געוווינט אלטער דער שוסטער, וועלכער פלעגט שמחת־תורה פריילעך מאַכן דאס גאַנצע שטעטל.

יעדן דאָנערשטיק פלעגן די פּויערים ברענגען זייערע פּראָדוקטן צו פארקויפן אויפן גרויסן פּלאַץ. ארום וועלכן עס האבן זיך געעפנט געוועלבן, שיך־געשעפטן, שניט־קראָמען און שענקן צו כאַפּן א כוסה. אט אזוי האט עס אויסגעזען ביז די פּוילישע מאַכט האט אנגעהויבן רעאַליזירן איר פּראָגראַם פון פּאָגראָמירן דאס יידישע עקאָנאָמישע לעבן. די פּאָליאַקן, וועלכע זיינען אריבערגעשיקט געוואָרן צו דעם צוועק אין אונזער געגנט, האבן אנגעהויבן צו העצן קעגן די יידן, מיטן צוועק צו צעשטערן די גוטפריינטשאַפט צווישן די אָרטיקע תושבים.

איינמאל א זונטיק, וואס איז אויסגעפאַלן אין מאָנאַט יולי, אין 1923 יאר — האבן א גרעסערע צאָל אונטערגעהעצטע קריסטן פון די אַרומיקע דערפער, געמאַכט אן איבערפאַל אויפן שטעטל. עס האט אבער לאַנג ניט געדויערט און אונזערע יידישע בעלי־עגלות האבן זיך א לאָז געטאָן צו זיי אויף זייערע פערד, מיט זיידקע שעפּקעס פון די פּיאַסקעס נאַ־שפּיץ און פארטריבן די פּאָגראָמשטשיקעס, איבערלאָזנדיק געגנוג ארבעט פארן דאָקטאָר צוקערמאַן ז״ל.

ביידע טיילן האראַדאַק האט פאראייניקט א בריק, וואס האָט געדינט פאר פארשיידענע צוועקן, דהיינו: פאר די פרומע יידן צו תשליך און פאר דער שטעטלשער יוגנט צו זינגען געשמאַקע ליבע־לידער און אויך לידער פון א גאַנץ אנדערן כאַראַקטער, וועלכע זענען ניט געפעלן דער אָרטיקער פּאָליציי. ניט איינמאל האבן די פּאָליציאַנטן פארטריבן די יוגנטלעכע פון דער בריק צוליב זייערע רעוואָלוציאָנערע לידער.

דער בריק איז אויך געווען א עדות צו א נקמה־אַקט איבער דער פּוילישער פּאָליציי פאר איר ברוטאַלער אויפפירונג קעגן דער יידישער יוגנט. דאס איז געשען נאָך דעם, ווי ביי לאה דער שוואַרצער, ווייט הינטער דער פארשטאָט, האט דער „בונד" געפייערט אין 1923 יאר זיין 25 יעריקן יובילעאום. דאס איז געווען שמחת־תורה. אלע אָנגעטאָן יום־טובדיק און דער מחבר פון די שורות אלס דער הויפּט־רעדנער. אינמיטן דער פייערונג איז די פּאָליציי איבערגעפאַלן די פארזאַמלונג. די מערה'ייט איז זיך צעלאָפן אויף די פעלדער, אבער 10 יוגנטלעכע זענען ארעסטירט געוואָרן און אריבער־געפירט געוואָרן אין ביאַליסטאָקער טורמע. א געוויסע צייט נאָך דער געשעעניש האט מען געפונען דעם פּאָליציאַנט יאַנעק אין א שיכורן צושטאַנד פארפאַקט אין א זאַק אונטער דער בריק. דאס איז געווען די נקמה פאַר זיינע רשעותדיקע האַנדלונגען לגבי די יוגנטלעכע.

א קאַפּיטל פאר זיך איז די מעשה מיטן בריק אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די רוסן האבן אים אונטערגעצונדן, אפּטרעטנדיק פון האראַדאַק און די תושבים פונעם שטעטל האבן מיט מסירת־נפש פארלאָשן דעם פייער אונטער א האָגל מיט קוילן.

א טייער יידיש שטעטל איז געווען האראַדאַק. דאס יידישע לעבן האט געשפּרודלט מיט גייסט. אלץ אויף זיין ריכטיקן אָרט, די רעליגיעזע יידן, די וועלטלעכע יידן, דאס פּאָליטישע און קולטורעלע לעבן. אונזער רב, זעליג ציוני, איז געווען א מאָדערנער און זייער א קלוגער מענטש. ער האט פארמאָגט אין זיך זייער א סך טאַקט און אויסערגעוויינלעכע איידלקייט. ניט געהאַלטן קיין סקאַרבאָווע דרשות אין די בתי־מדרשים נאָר ווערטפולע רעפעראַטן, וועלכע שימשל פייגלס דעם רבס איידעם פלעגט איבערחזרן וואָרט ביי וואָרט. אט דער שימשל איז געווען אן אָפענער מוח, א גרויסער משכיל און מיט דער צייט געוואָרן דער פירער פון די וועלטלעכע יידן, און זיך פארוואַנדלט אין א וויכטיקן כלל־טוער, אלס פּעדאַגאָג און לערער אין דער בריסקער וועלט־לעכער שולע.

די לינת־הצדק, וועלכע איז אנגעפירט געוואָרן פון רעליגיעזע יידן, איז געווען מוסטערהאַפט ארגאַניזירט און האט געזאָרגט פאר דעם אָרעמען קראַנקן און פאר דער אָרעמער כלה. דאס איז געווען דער קאָנקרעטער אויסדרוק פון אויפריכטיקער פרומקייט. די בתי־מדרשים זענען שטענדיק

געווען פול. אחוץ דאווענען האט מען דארט אריבערגערעדט אלע געשעענישן אינעם שטעטל. ביי דער ארבעט אין „לינת־הצדק" איז געווען זייער אקטיוו מיין פאטער, נחומקע דער שוסטער, פון נעבן דער בריק. ער פלעגט גיין בייַנאַכט צו די קראנקע און זיי ברענגען א רפואה און אינצווישן געפירט ויכוחים מיטן רב זעליק ציוני, וועגן די שטעטלשע ענינים. דערפאר האט מען אים גערופן נחומקע דער מורה־הוראה.

איך וויל דא דערמאנען דעם קליינעם מענטשעלע מיטן גרויסן אפענעם קאפ, וועלכער פלעגט פרייַלעך מאכן אלע יידישע שמחות, חתונות, בריתן און יום־טובים, פריוואטע און אויך געזעלשאפטלעכע אונטערנעמונגען — שמואליק דעם שמידס פון די „פיאסקעס". זיינע פאראדיעס און קופלעטן פלעגט מען זינגען ניט נאר אין הארעדאק נאר אויך אין אלע ארומיקע שטעטלעך. ער האט שטענדיק ארויסגעבראכט דעם טרויער און פרייד פון דעם יידישן לעבן. מען דערציילט, אז בעתן שטרייק אין ברילס פאבריק, האט ער אנגעשריבן א פאראדיע וועגן שטרייק, וועלכע האט געמאכט אזא רושם אויפן פאבריקאנט, אז ער האט גערופן די שטרייקנדע ארבעטער און געזאגט: „נעמט אייך אלע מיינע בעסטע געטראנקען, ווייל מען זאגט, אז זיי זענען אייערע". אויף דעם האבן אים די ארבעטער אפגעענטפערט: „אז ניט נאר היינט דארפן מיר לעבן, נאר מארגן אויך". איז ברילס ענטפער געווען: „חברה, איר האט מיך באזיגט. איר וועט באַקומען די געפאדערטע הוספה". שמואליקס פאראדיא, האט זיך אויסגעווירקט אויף א מערקווירדיקן אופן.

צי קען מען פארגעסן די שיינקייט פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין הארעדאק? די גרויסע צאל יידישע קינדערלעך, וועלכע האבן באקומען א מאדערנע קולטור־דערציאונג און באצויבערט די גאס מיט זייערע לידלעך? ארום דער שול זענען געווען טעטיק דער „בונד" און די לינקע „פועלי־ציון". ווארשע פלעגט שיקן די בעסטע לערער, ווייל די הארעדאקער יידישע ארבעטער האבן געהאט א נאמען אלס קולטורעלע און פאליטיש־רייפע מענטשן.

עס איז דאַ נויטיק צו דערמאנען דעם לערער וויסענבערג, וועלכער איז געווען א שם־דבר אין גאנץ פוילן. די יידישע ארבעטער און קולטור־טוער האבן פון אים א סך געלערנט.

די רעכטע „פועלי־ציון" האבן אנגעפירט מיט דער „תרבות" שול ווו דער לערער איז געווען יצחק מאיר דער קאסאווער, א הארעדאקער תושב, א מענטש פול מיט אינטעליגענץ און אוניווערסאלע בילדונג. ער האט זיין לעבן געווידמעט געזעלשאפטלעכער ארבעט, ביז די דייטשישע בעסטיעס האבן אים אומגעבראכט.

דאס קולטור־לעבן פון הארעדאק האט פארייניקט ארום זיך אלע פאליטישע פארטייען און גרופירונגען, ווייל דער ווילן צו אַ פולבלוטיקן יידישן לעבן, איז געווען אייגנטימלעך פאר אלע ריכטונגען. די פאַליטישע פירער זענען געווען פאראנטווארטלעך־ערנסטע מענטשן, און זיי האבן זיך אפגעגעבן א קלארן דין וחשבון פון דעם מצב פון די יידישע פאלקס־מאסן. נאר ליידער האט קיינער ניט פאראויסגעזען דעם פארנעם פון דער אַנוואקסנדער געפאר. אז דאָס אלץ וואס איז געשאפן געווארן מיט אזויפיל ליבע, טאלאנט און וואונדער־בארער ענערגיע, וועט פארניכטעט ווערן דורך די דייטשע חיות אין מענטשן־געשטאלט. אז דאס אלץ וואס איז געבאָוועט געווארן מיט אזויפיל מי און מסירות־נפש אין פארלויף פון הונדערטער יארן, וועט חרוב ונחרב ווערן דורך די נאציש־פאשיסטישע הענקערס, וועלכע האָבן אויסגעמאָרדעט מיט אומגעהויערער אכזריות אונזערע טייערסטע און נאָענטסטע, טאטע־מאמע, ברידער און שוועסטער. און אפגעמעקט פון דער ערד־פלאך דאס אומפארגעסלעך־הארציקע שטעטעלע הארעדאק.

# זכרונות פון דער ווייט־ווייטער פארגאנגענהייט

פון **חיה פייגל בעקעראוויטש־ברעסקי** (אַמעריקע)

אַוו נעמט מען איצט די פליגלען, זיך א הויב צו טאָן און א שוועב צו טאָן צו מיין אמאָליקן געבורטס־שטעטל האַ־ראדאק, וו מיין וויגעלע איז געשטאַנען?

ווי קאן מען אויפלעבן אין זכרון יענע אלטע דערינערונגען און קינדער־זכרונות, יענע יונגע, פרישע, האָפענונגספולע יארן, ווען דאס לעבן איז געווען פריש און יונג, און אלץ האט אויסגעזען אזוי פארשפרעכנד און אזוי צויבערפול? ניט בלויז מיין שטעטל איז אונטערגעגאנגען, נאר א גרויסע יידישע וועלט איז פארשוואונדן פון דער וועלט־מאַפע. מיליאנען יידן זענען אָפגעמעקט און ארויסגעריסן געווארן פון ספר־החיים. צוזאמען מיטן קליינעם שטעטל איז אויך פארשוואונדן א לעבנס־שטייגער, אן אלט־איינגעווארצלט יידיש לעבן, פול מיט חן און שיינקייט, מיט יידישן גייסט און יידישער טראדיציע.

אבער לאמיר קודם דערמאנען אונזערע צוויי הויפט גאסן, וואס הארעדאק האט פארמאגט, נעמלעך — די „פיאסקעס", די גרעסערע טייל פון שטעטל, און דאס שטעטל. אוודאי זענען נאָך געווען א סך הינטערגעסלעך און ווינקעלעך, וואס יעדער פון זיי האט געהאט זיין אייגענעם נאמען, אבער דאס זענען שוין געווען צווייט־ראנגיקע נעמען, וועלכע האבן ניט געשפילט קיין באזונדערע ראָל.

וואס עס געדענקט זיך מיר אמבעסטן, אז אויף דער פאבריטשנער גאס האָבן זיך קאָנצענטרירט די גבירים, די רייכערע בעלי־בתים, בעת אויף די אנדערע גאסן און געסלעך האט געלעבט „עמך", פאלקס־מענטשן, דאס רוב פון זיי: ארבעטער, וועבער, בעלי־מלאכות, ווער אביסל מער פאר־מעגלעך, און ווער ווייניקער, לויט די דאמאלסדיקע באגריפן. אונזער טייכל און דער בריק איבער אים האט צעטיילט דאס שטעטל אויף צוויי באזונדערע חלקים, און פאראלעל האט זיך געצויגן דאס שמאלע געסעלע „דער ערשטער וויגאן", לויט ווי זי האט דאן געהייסן... דארט איז געווען דער מקום פון די קבצנים, און איך שעם זיך ניט צוצוגעבן, אז איך האָב אויך דארט געוווינט, ואני בתוכם.

די איינוווינער האבן אלע געלעבט צווישן זיך בשלום,

ווייל עס איז ניט געווען איבער וואס זיך צו קריגן. אלע גלייכע קבצנים. מען האט ניט געוווסט פון קנאה־שנאה, ווייל מען האט גענוי געוווסט וואס עס קאכט זיך אין דעם שכנס טעפל. עס איז געווען אן עכטע אידיליע, אַ פריינטשאפט און גוטע־שכנהשאפט; מען האט געלעבט בשלום. טאמער האט חלילה פאסירט, אז עמעצער איז קראנק געווארן, פלעגט יעדער איינער אנבאטן זיין הילף, זיין גרייטקייט צו העלפן מיט וואס נאר מעגלעך. מען איז געווען מוכן ומזומן צו ארבעטן פאר׳ן חולה. אויסלייען דער משפחה אויף א דאקטאר, און א רעצעפט... יעדן פרייטיק צו נאכט פלעגט מען זיך צענויפקומען ביי איינעם פון די שכנים, און דארטן דערציילן מעשיות, שפאסן, קליינשטעטלדיקע קוריאזן, סענסאציעס, וואס פלעגן פאסירן אויב ניט אין האראדאק, איז אין וואסיל־קאוו, אין קרינעק, אין ביאליסטאק, און מען האט זיך פריילעך אונטערהאלטן.

מען האט דאן ניט געוווסט פון פראווען א ספעציעלן „עונג־שבת". שוין דאס צענויפקומען זיך אַלע צוזאמען האָט געשאַפן די עונג־שבתדיקע שטימונג. מען האָט געשיילט קערעלעך (יאדרעס), געטרונקען א שבתדיקע גלעזל טיי, געגעסן ארבעס (נאַהיד) און עס איז געווען ליהודים. אין דרויסן האָט זיך צעלייגט א געדיכטע און טיפע בלאָטע, אָבער וועמען האָט עס געאַרט? — ערשט פאר פסח, ווען דער אייז און שניי פלעגן זיך נעמען שמעלצן אונטער די ווארעמע שטראַלן פון דער זון, האָט דער ווינטער אביסל נאָכגעלאָזט. אָבער דאן האָט זיך אָנגעהויבן די סאמע געפערלעכע צייט: דער געוויטער און דאס אויפגעשוואָלענע טייכל פלעגן זיך פאראייניקן אין א מעכטיקן „ים", און דאן איז שוין געווען סכנות־נפשות ארויסצוגיין אינדרויסן... דאס גאנצע געסל האָט אויסגעזען ווי א טייך. מען פלעגט בלייבן אָפּגעזונדערט און צעטיילט, ממש אין יוצא ואין בא...

די דאזיקע פרילינגס־פארפלייצונגען פלעגן געווינלעך אָנהאַלטן נאָר עטלעכע טעג, די קינדער פלעגן דאן האָבן א סך „פאן", ווי מען זאָגט אויף אונזער אמעריקאנער לשון. מען פלעגט פארגעסן, אז עס איז נישטאָ וואָס צו עסן, אז עס פעלט די סאַמע נויטיקסטע שפייז, אָבער עס איז געווען לעבעדיק און פריילעך...

איך מוז דא דערמאָנען דעם היסטאָרישן עפיזאָד פון יאר 1914, ווען עס איז דערקלערט געווארן קריג. עס איז גראד געווען ערב תשעה־באב, מען איז געזעסן אויף נידעריקע בענקלעך און געזאָגט מיט א טרויעריקן ניגון די אלטע קינות. איז אויסגעבראָכן א שרעקלעכער יאָמער און הארצרייסנדער געוויין פון אלעמענס הערצער און נשמות. — די קולות פון די מאַמעס האָבן ממש געשפאָלטן די הימלען אויס מורא, אַז אָט־אָט נעמט מען אַוועק זייערע זין אין מלחמה אריין. עד היום שטייען מיר פאר די אויגן יענע שרעקלעכע בילדער, און איך הער די פארצווייפלטע געשרייען. עס האָט אויסגעזען, ווי מען שטייט פאר א וועלט אונטערגאנג. עס איז באַפאַלן אלעמען א פחד פון קליין ביז גרויס...

נאָך מער רירנד איז געווען דער מאָמענט, ווען טאַטע־מאַמעס האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע זין, פרויען מיט זייערע יונגע מענער, און קינדער מיט עלטערן. חתן־כלה׳ס זענען געווען פארצווייפלט, און פון די פארליבטע פארלעך, וועמענס ליבעס עס האָבן נאָך ניט אויסגערייפט — האָט מען ארויס־געפילט זייער אינערלעכן האַרץ־ציטער. עס האָט אויסגעזען אקוראט ווי די זון איז פארשוואונדן און א חושך איז באַפאַלן וועלט און מענטש.

די שלאכטן האָבן לאַנג ניט געלאָזט ווארטן אויף זיך. דער שונא האָט זיך דערנענטערט און מען איז געלאָפן פון די היימען ווו די אויגן האָבן נאָר געטראָגן. די נויט אין האראדאק איז געווארן פון טאָג צו טאָג שווערער און דער־דריקנדער דאָס מענטשלעכע לעבן האָט פארלוירן יעדן ווערט. ענדלעך האָט דער דייטש דערגרייכט האראדאק און גענומען באַלעבאַטעווען. די לאגע האָט זיך אַביסל סטאַביליזירט. עס איז געווארן אויס מהומה, מען האָט זיך גענומען צוגעוווינען צום געדאנק, אז מען איז אין דער לאגע פון קריגס־געפאנגענע. א שטיקל ברויט פלעגט מען באקומען אויף א קארטע, אַמאָל אין א חודש אַ פונט ווייסע צוקער. אָבער מען האָט דאָס ניט געגעבן פאר אומזיסט... דער דייטש האָט גענומען אלעמען אויף אַרבעט, אויסער קינדער. מיר זענען געווען דריי יונגע קינדער, האָבן מיר טאָקע געליטן הונגער און נויט.

אונזער ליבער פאָטער ע"ה, איז פרי ארויסגעריסן געווארן פון אונזער משפחה. מיטן גרעסטן אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויפן זומער, ווען מען וועט קענען קלייבן יאגעדעס אין וואלד צו דערהאלטן די נשמה... האראדאק איז געבענטשט געווען מיט אַ סך וועלדער, און א דאנק די יאגעדעס און שוועמלעך האָבן מיר דערהאלטן אונזער חיות. פלעגן מיר גיין עטלעכע ווארסט צופוס אין וואלד אריין, וויסנדיק אז מען וועט שוין ניט קומען צוריק מיט ליידיקע הענט.

איך דערמאָן זיך יענע זומער־פרימאָרגנס. די לופט איז געווען ריין און זויבער, עס האָט זיך נאָר געוואָלט קוקן אין בלויען הימל. אריינגעקומען אין וואלד האָט מען גענומען אָנפילן די קאָשיקעס מיט יאגעדעס. דער לאנגער, הייסער זומערדיקער טאָג פלעגט דורכלויפן זייער שנעל, און מיטן זון־אונטערגאנג פלעגן מיר מארשירן צוריק אַהיים, מיט פולע קאָשיקעס, און אָנגעפילטע קריגלעך. די יאגדעס פלעגן מיר פארקויפן און דאָס איז געווען אונזער „הויפט־פרנסה" אין די דאזיקע זומער־חדשים. איך וואלט באַגאַנגען אן „עוולה" ניט דערמאָנענדיק „שטשאַוו", וואס מיר פלעגן אַנרייסן און עסן מיט גרויס אַפעטיט, אָבער מיט שטשאַוו איז געווען א גרינגערע אַרבעט ווי קלייבן יאגדעס, ווייל שטשאַוו איז געוואקסן אויף די פעלדער, צווישן די גראזן און בלומען.

אגב, די פעלדער זיינען געווען זייער נאָענט צום שטעטל און מען האָט ניט געדארפט גיין שעה׳ן־לאנג. די פראכט פון זומער, דאס געזאַנג פון די פייגעלעך אין פעלד און אין וואלד, די ווארעמקייט און פרישקייט פון דער נאַטור האָט געמאַכט פארגעסן דעם מלחמה־קאָשמאַר און דעם דייטש, ימח שמו וזכרו!

ניט איינמאָל פלעג איך טראכטן, פארוואס בין איך ניט געבוירן געווארן מיט פליגלען צו קענען אַנטלויפן פון בייזן ווינטער, און ניט ליידן פונעם הונגער און קעלט.

איך געדענק די לאנגע, קאלטע ווינטער־נעכט, מיט די פרעסט און שנייען, מיט די „אוזאָרן" אויף די פענצטער. מיט די זאַווערוכעס און שטורמווינטן. ווער רעדט, אז מען האָט געדארפט גיין צו דער קרעניצע נאָך וואַסער, אין גליטש און אין טיפן שניי, איז געווען סכנת־נפשות. אין הויז ווי־ניט־ווי איז דאָך געווען א ביסל ווארעמער, און ווער רעדט, אַז

מען האָט „פאַרכאַפּט” א שטיקל אויוון אָנצוואַרעמען די פּלייצע, איז דאָך שוין גאר געווען א „גן־עדן”.

מיר האָבן געהאַט א יוגנט אין האראדאק, העברעאישע אַנשטאַלטן, אויך א יידישע שולע פאר קינדער. פּיל עלטערן זענען גארניט געווען באגייסטערט פון זייערע טעכטערלעך, וועלכע פלעגן זיך גיין לערנען. מיין מוטער ע”ה, צוקוקנדיק זיך ווי איך זיץ און מאַך די לעקציעס, פלעגט מיר פרעגן: „וויפל חיה־פייגעלע, דארף א מיידל קענען? קענסט אָנשרייבן א יידיש בריוול, קענסט זאָגן עברי, קענסט לייענען עברי־טייטש? איז די והותר, גענוג און איבערגענוג!” דאָס האָט איר אזוי די נויט אונטערגעזאָגט, אז איך דארף אויפהערן צו לערנען, כדי ארויסהעלפן אין שטוב, ווייל א סך 10—11 יאָריקע מיידעלעך האָבן שוין דאן געאַרבעט, און ווער רעדט פון יתומות, וועלכע פלעגן גיין ארבעטן אין פארמעגלעכע הייזער, אַבי צו פארדינען דאָס שטיקל ברויט.

ניט קוקנדיק אויף אלע שוועריקייטן, האָב איך דאָך ניט געקענט שטילן מיין דורשט נאָך וויסן, און איך האָב געהאַט אַ גרויסע ליבע צו מיינע לימודים, צו די לערער און חברטעס. מיין לערער ראבינאָוויטש און גאָר־באזונדערס מאיר מאטלען, וועל איך מיין גאנץ לעבן ניט פארגעסן, און איך האַלט טייער אין זכרון זייער אָנדענק. א ספּעציעלע ליבע האָב איך געהאַט צו העברעאיש, כאָטש עס איז מיר אָנגעקומען ניט לייכט, ווייל מען האָט געדארפט צאָלן שכר־לימוד, און דאָס איז געווען גאר אן איידעלע זאַך.

האראדאק האָט דאן געציילט א 2000 איינוווינער, און געדאַט אַן אויסזען פון א קליין יידיש שטעטל. די באפעלקערונג איז באַשטאַנען פון קרעמער, בעלי־מלאכות, וועבער, ארבעטער און אויך אינטעליגענטן, עטלעכע צדקה און קולטור־אינסטיטוציעס, פאריינען און פארטייען, ווי ביי לייטן אין די גרויסע שטעט. איך געדענק ניט אַזוי די פּנימער, ווי די שילדן אויף די גאסן. אָט לייען איך א שילד, „ציין־דאקטאָרשע סלוצקא־שולקלאפער”, און ניט ווייט איז די אַפּטייק, אָט איז א שילד פון ד”ר צוקערמאן, און דערנעבן די שניט־קראָמען: בראטמאכערס, צעמאַכאָוויטשעס, פּיינזילבערס, גאָלדבערגס און אַנדערע.

האָט מען געדארפט אויפנייען א מלבוש, זענען געווען די שניידערס: פידעל, ח. קרעמער, ח. ציגעל, י. גארבער און אַנדערע. זיי האָבן מקיים געווען די מצווה פון „מלביש ערומים”. בולקעס און ברויט איז מען געגאַנגען קויפן צו שווארצן, לובאַוויטשן. האָט זיך עמעצן פארגלוסט א גלעזל ביר — איז מען אריין צו קאַפּלאנען, ווו מען האָט געשטילט דעם דאָרשט.

וועל איך צום גוטן דערמאָנען אונזערע קצבים, וואס פלעגן נעבעך שווער אַרבעטן ביים פאנאנדערטראגן פלייש איבער די הייזער. ווער האָט ניט געקענט אברהם דעם קצב, ברוסטיין, פּרוזשאַנסקי, וועלכע פלעגן באַזאָרגן קהל מיט פלייש.

קליין איז געווען אונזער האָראָדאָק, עס האָבן ניט אויסגעפעלט קיין בעלי־מלאכה. אויף אלע געביטן פון לעבן: פרידמאן דער רימער, רוטשיק דער זייף־מאַכער, זעליקאָוויטש דער פעל־הענדלער, ח. מארדעצקי, יעדוואק און קאגאן — די שוסטערס פון האראדאק. לאָמיר דא דערמאָנען דעם סאדע־וואסער פאבריקאנט מאַצעוו און פישעלעוויטש דעם תבואה־הענדלער, מ. פיינזילבער דעם זייגערמאַכער און אַנדערע. האָט מען געדארפט א שלאָסער, איז מען געגאנגען צו חייטן, אָדער צו שקאָלניקאָוון, ביידע ארנטלעכע בעלי־מלאכות. עסנווארג האָט מען געקראגן אויף טריט און שריט ביי די פאליאקן און יידישע שפּייז־קראָמען זענען געווען אויף יעדער גאס און געסל: פיינערמאַנס, קאגאנס, קארפּ, לעוו, לובאַוויטש און אַנדערע. איך וויל דערמאָנען דעם ארנטלעכן סטאליער י. וואלמאן, וועלכן מען האָט באנוצט סיי צו פאריכטן אַ טיר און סיי צו אויפבויען א שטאַל.

שערער זענען געווען סך־הכל 2, אבראמסקי און נאווינסקי. אויך קאמאשנמאַכער זענען געווען גאָר ווייניק, לעוו און נאָך עמעץ.

א גאָר באזונדערן פּלאץ האָבן פארנומען די האנטוועבער, וועלכע פלעגן ארבעטן פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט ביים וועבשטול. משפחות, אין די צענדליקער, האָבן געמאַכט א לעבן פון וועבעריי. ייִנגלעך, פון די סאמע יונגסטע יארן, פלעגן שטיין ביים ווארשטאַט און העלפן דעם טאַטן אויסוועבן דאָס שטיקל ברויט. אין אמדורסקיס און סאקאלס פאבריקן האָבן געארבעט א סך ארבעטער. רודיס פאראווע מיל, די זייף־פאבריק, דער טאַרטאַק און קלענערע פאבריקן האָבן באשעפטיקט א סך מענטשן. בדרך־כלל האָט מען געלעבט בשלום צווישן זיך. און טאָמער האָט זיך געמאַכט א „ספּאָר”, א טענה, א שאלה, איז מען ניט געפארן קיין ביאַליסטאָק אין געריכט, נאָר געגאנגען צום רב ציוני, אָדער צום דיין דעם מורה־הוראה, און מען איז דורכגעקומען מיט אַ פשרה.

ביי אונז אין האראדאק זענען געווען א סך חסידים, א שיינער בית־מדרש פאר חשובע לומדישע בעלי־בתים און אַ שול. עס איז געווען א גמינע, מיט אַ ראש־הקהל, כמנהג בעלי־בתים חשובים. מיר האָבן געהאַט א „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע”, און בעת א שריפה פלעגט דאָס גאנצע שטעטל לעשן דאָס פייער. אפילו שבת, פלעגט מען ראטעווען א נשרף, און אויך דער פרומער ר׳ אהרן־הערש, דער גמרא־מלמד, פלעגט צעשפּרייטן די פּאָלעס און לויפן אויף קידוש־השם, ר”ל.

אונזערע מארק־טעג האָבן געהאַט א שם אין דער גאנצער געגנט, און די מעשטשאַנעס פלעגן אויספארקויפן זייערע קעלבלעך, זעק מיט מעל, חזירים און אלץ, וואס זיי פלעגן ברענגען. צום סוף מארק פלעגן זיי זיך אוועקלאזן איבער די יידישע קראָמען איינקויפן זייף, טשוועקעס, הערינג, ליכט, מאַכאָרקע, און מער פון אלץ, א פלעשל מיטן ביטערן טראָפּן, וואס זיי פלעגן אויסליידיקן גלייך אויפן אָרט.

אוודאי זענען געווען רייכע יידן אין האראדאק, וואס פלעגן זיך עוסק זיין בצרכי ציבור: מיטן בית־המדרש, די שולע, ביקור־חולים א”א. אין ביקור־חולים, האָט אויך די יוגנט גענומען אן אקטיוון אָנטייל, מען פלעגט אָפּט גיין אויף א לינה צו א קראנקן, אויב עס איז געווען ווער עס זאָל איבערזיצן די נאַכט.

דער „בונד” האָט געהאַט די אויבערהאנט אין האראדאק, עס פלעגט זיך טומלען מיט א שטרייק, אָדער מיט עפּעס אַנדערש. דער „השומר הצעיר” האָט געפראוועט ל”ג בעומר־מאַיובקעס און די שומרים פלעגן מארשירן איבערן שטעטל מיט דער פאן. פלעגט קומען א שמחת־תורה, איז שוין געווען

לעבעדיק ביז גאָר. מען פלעגט הוליען און זיך משמח זיין מיט דער תורה, אפילו א ייד א באנקראטשיק, וואס האָט אָנגעזעצט געלט פון אלמנות און יתומים, פלעגט אויך אונ־טערטאַנצן מיט דער תורה.

מיין פאטער ר׳ אברהם בעקעראוויטש ע״ה איז אליין געווען א וועבער און געארבעט שווער ביים וועב־שטול, כדי אויסצושלאָגן זיך דאָס ביסל פרנסה פאר דער משפחה. ער איז געווען א ייד א בר־דעת, מיט א שכל־הישר, פול מיט ענערגיע און גוטסקייט. זיין גוטע הארץ האָט ער איבערגעלאָזט בירושה זיינע קינדער. די מוטער איז געווען א קרענקלעכע פרוי, און די זארגן פאר די קינדער, האָבן זי פריצייטיק גרוי און אַלט געמאַכט. דאָך האָבן אלע קינדער זיך געלערנט אין שולע און אין חדרים און געווען צו גאָט און פאר לייט.

די שטעטלשע ביבליאטעק האָט אונז געהאט אַלס אָפטע באַזוכער. איבערהויפט, די יידישע קלאסיקער און העברעאישע השכלה־ביכער, וועלכע מען האָט דאן געלייענט אברהם מאפו׳ס ראמאנען, ווי „אשמת שומרון״, „אהבת ציון״ און העברעאישע לידער, וועלכע האָבן גענערט אונזער נשמה. מיר האָבן געהאָט אַ יוגנט־קרייז, ווו מען האָט דאן גערעדט העברעאיש.

ווי געזאָגט, מיר האָבן געהאָט פון אַלץ, אָבער צו ביסלעך, אויך א קליין פאָלקס־בענקל פאר קרעמער, וואס האָבן געמוזט צאָלן א וועקסל דעם װארשעווער הורטאָווניק אָדער דעם לאָדזשער פאבריקאנט.

רעדנער פון פארשיידענע פארטייען פלעגן קומען קיין האראדאק מיט וויסן און אויפקלערונג. סוחרישע יידן פלעגן זיך שלעפן מיט פורן קיין ביאליסטאָק און צעברעכן די גלידער, אבי איינצוקויפן אביסל סחורה, אָדער זיך אָפּרעכענען מיט די פאבריקאנטן פאר דעם צוגעשטעלטן וואל, וואס זיי פלעגן אויסארבעטן.

אָבער אזא שבת און יום־טוב ווי אין האראדאק, האָב איך אין ערגעץ ניט געזען. מען האָט ממש געשפּירט ווי די נשמה־יתרה שוועבט ארום און איז מקבל פנים די שבת־מלכה.

יא, געווען א שטעטעלע האראדאק, א יידיש ווינקעלע אויף גאָטס ערד, און פארשוווּנדן! נישטאָ מער קיין אייגענע, נישטאָ אפילו קיין פרעמדע יידן. אַלץ האָט אויפגעגעסן דער נאַצי יש״ו!

דאָך, לעבן די יוגנט־זכרונות, די קינדער־דערינערונגען, וועגן טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער.

זייט געבענטשט, רעדאקטאָרן און ארגאניזאטאָרן פון דעם האראדאקער „יזכור־בוך״, און לאָמיר אלע זוכה זיין צו דערגרייכן א וועלט פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכ־קייט פאר אונזער פאָלק און פאר דער גאנצער מענטשהייט!

# פארצייכענונגען פון אמאליקן לעבן

פון **אבינדב** (ישראל)

## א. מיין ערשטער מלמד

מיין ערשטער מלמד האָט געהייסן ניאמע דער לאנגער. זיין פאמיליע געדענק איך ניט, וויל אין שטעטל האָט מען זיך וויניק באנוצט מיטן פאמיליע־נאָמען נאָר מיטן צונעמעניש. ער איז געווען א לאנגער ייד, איך מיין, אז ביי די צוויי מעטער. דערפאר האָט מען אים גערופן ניאמע דער לאנגער, מיט א שיינער גרויער באָרד, א פּאָר שווארצע אויגן מיט געדיכטע ברעמען און מיט אייזערנע ברילן, אראָפּגערוקט אויף דער שפּיץ נאָז. אין האנט האָט ער שטענדיק געהאַלטן א קאַנטשיק פאר די שטיפערס, וועלכע האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס מיטן שטיפן. זיין גאנצע שטרעבונג איז געווען, אז דער יינגל, וואס לערנט ביי אים, זאָל עפּעס קענען און דער שכר־לימוד זאָל ניט זיין אומזיסט. גלייכצייטיק האָט ער געוואָלט, אז פארלאָזנדיק זיין חדר, זאָל ער קענען זיין א גוטער תלמיד ביי זיין זון אברהם, וועלכער האָט דאן אָנגעפאנגען צו לערנען מיט די קינדער עברית־בעברית, „לשון־קודש״.

זיין דירה איז באשטאַנען פון איין צימער, דער חדר. און דערביי א קליין פינצטער אלקערל — זיין שלאָפצימער. די מעבל: צוויי בעטן, א טיש, צוויי לאנגע בענק פאר די תלמידים, וועלכע קענען דאווענען און לערנען חומש און א שלאָף־באַנק מיט קליינע בענקעלעך פאר די קינדער וואס לערנען אלף־בית און ציען איבער מיט א פעדער אויף זיין בלייפעדער־שריפט די געשריבענע אותיות.

עס איז געווען שווער צו באשרייבן זיין פרייד, ווען א יינגל האָט גוט געלערנט און מיט א ניגון, אָדער שיין איבערגעצויגן זיין האַנטשריפט. ער פלעגט פּאַטערלעך א קניפּ טאָן אין בעקל און זאָגן: „דו וועסט שוין קיין יורקע ניט זיין״. דאָס האָט ער געמיינט, יורקען דעם שבת־גוי, וועלכער פלעגט שבת פארלעשן די ליכט אין שול און באקומען ביי די בעלי־בתים א גרויסע שבתדיקע מוציא מיט חלה פאר זיין טרחה. ערב־שבת, ווען אלע קינדער האָבן געזאָגט שיר השירים מיטן באַקאַנטן ניגון און מקבל שבת געווען, און זיין פנים האָט געשטראַלט פון פרייד, פלעגט ער זיך ווענדן צו זיין יידענע: „ביילע־ריישקע, וואס זאָגסטו צו מיינע יורקעס, דאָ? געמאַכט פון זיי שטיקלעך יידן. מיט דער צייט וועט קומען משיח און מיר וועלן נאָך פאָרן מיט זיי קיין ארץ־ישראל״. ליידער, ליידער, האָט ער עס ניט דערלעבט, אַ סך תלמידים זיינע מאַכן אַ לעבן אין מדינת ישראל.

## ב. א מעשה שהיה

דאָס האָט פּאַסירט א קורצע צייט נאָך דעם פאל מיט די האראדאקער תושבים וועלכע זענען פארפרוירן געוואָרן אין דער טרויעריקער ווינטער־נאכט, ווען די מענטשן האָבן ניט געפונען דעם וועג צוריק א היים און עטלעכע פון זיי זענען פארשאָטן געוואָרן מיט שניי, עטלעכע שפּאַן פון זייער שטוב.

ווי געוויינלעך, בין איך יענעם טאָג ארויסגעפאָרן פון מיין מיל אין קלוציזנא מיט דער כוונה, צוריקצוקערן זיך קיין

הארדאק. מיין שליטן איז געווען געשפאנט מיט אַ גוטן פערד, וועלכער האָט ניט געליטן פון מלחמה־הונגער, ווי די מענטשן צו יענער צייט. און דערפאר, האָב איך מיך ניט געקימערט אויף דעם געדיכטן שניי, וואס האָט געשאָטן אָן אָן אויפהער. נאָר ארויספארנדיק פון ווערדל אויפן פעלד, האָב איך זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, ניט געפינענדיק דעם וועג, וואס איז אינגאנצן פארשאָטן געוואָרן מיט שניי. איך האָב אָפּגעלאָזט די לייצעס, דער פערד זאָל אליין גיין, לויט זיין פערדישן אינסטינקט, ווייל איך האָב געוווּסט, אז דער וועג איז אים גוט באַקאַנט. איין זאַך האָב איך נאָר געדענקט, ניט אַנטשלאָפן צו ווערן...

אָבער פלוצלינג האָב איך באמערקט, אז מיין פערד שפירט עפּעס פאר זיך, ניט וויסנדיק וואס, ווייל זיינע אויערן האָבן זיך אויפגעשטעלט און ער האָט גענומען כראפּען, אָקוראַט א וואָלף וואָלט אים אַנטקעגנגעקומען. איך האָב געלאַדן מיין רעוואָלווער, אויפצונעמען יעדע פלוצלינג־דיקע באגעגעניש.

ווען דער פערד איז שטיין געבליבן, האָב איך דערזען פאר זיך א הויכע, טונקעלע געשטאַלט, וועלכע האָט זיך באַוועגט אין אונזער ריכטונג. דאָס איז געווען א פרוי איינגעהילט אין א הויפן שמאַטעס מיט א זעקל מעל אויף די פּלייצעס, פארשאָטן מיט א היפשן הויפן שניי.

איך האָב איר געהאָלפן ארויפלייגן דעם זעקל מעל אויף מיין שליטן און זי איינגעלאַדן מיטפאָרן. אויפן וועג האָט זי מיר דערציילט, אז די מעל האָט זי געקויפט אין א וויטן דארף און זי טראגט אים צו זיך אהיים, א מרחק פון פופצן וויארסט, כדי צו דערנערן אירע הונגעריקע אייניקלעך.

ווען מיר זענען אדורכגעפארן די „פיאסקעס" אויפן וועג צום „שטעטל", האָט זי מיר געבעטן, אז איך זאָל זי ארונ־טערלאָזן צוזאמען מיט איר משא און געפרעגט, וויפל זי דארף מיר באצאָלן פאר דער רייזע? שטעלט אייך פאָר איר פריילעכן געמיט, ווען איך האָב איר דערקלערט, אז איך נעם ניט ביי איר קיין געלט. זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צום הימל און מיט א פריינטלעכן שמייכל א זאָג געטאָן:

„אם ירצה השם, אויב איר וועט קראנק ווערן, וועל איך ביי אייך אויך ניט נעמען קיין געלט". ערשט דאן האָב איך זי דערקענט: דאָס איז געווען מיכאלעכע די באנקעס־שטעלערין!

אָבער דער איבערשטער האָט מיר געהאָלפן, און איך בין געווען געזונט און די מצווה פון „עזוב־תעזוב" איז געבליבן א כשר פארדינטע מצווה.

# בית הכנסת הגדול בעיירה והפולחן הדתי

מאת **א. בן-רבקה** (ישראל)

## א.

כיום אין לקבוע בוודאות אימתי נבנה בית הכנסת הגדול בעיירה. לפי נתונים שונים יש להניח שבמחצית המאה הי"ט ואולי לפני־כן כבר עמד על תילו. כתליו הבנויים נדבכי קורות־עץ, התעקמו אי־פה אי־שם ממשא שבעים שנותיהם. ואילו ארון הקודש לא נתיישן. ארון הקודש, כולו עשוי מלאכת־מחשבת ומקושט בתבליטי חיות ועופות. בתוכם שור־הבר והלויתן, הרהיב עין בססגוניות עטוריו.

יש להניח, שהארון נבנה לאחר גמר הבנין ותפס שטח רב במזרח. מי היה אותו אומן־חרט בעל שאר־הרוח שבנהו?

בספר „יזכור" של יוצאי לוניניץ וקוזאן—הורודוק מצאתי תיאור ותצלום מיניאטורי של ארון־קודש זה. בשיחה שהיתה לי בנידון עם מר י. זאבי, תושב קוזאן־הורודוק לפני השואה וכיום תושב העיר תל־אביב מסתבר, שבין ארון־הקודש בבי"הכנ בקהילת קוזאן־הורודוק ובין ארון הקודש בבי"הכנ שבעיירתנו, קיימת זהות מוחלטת. לפי הנחתו של מר י. זאבי ולפי המסורת שבידו, שקיבלה מאביו המנוח, נבנה ארון הקודש של קהילת קוזאן־הורודוק לפני מאה שנה ומעלה, ושמו של אותו אומן היה זיסמן מאיר מביאליסטוק, הסמוכה להורודוק.

בביקורו בתערוכת פולחן החסידות שנתקיימה בת"א, מצא מר י. זאבי תצלום מוגדל, המהווה שיחזור מדויק של בית הכנסת הנ"ל, שתואם בכל לארון הקודש שבעיירתנו. והנה כמה מהפרטים הנזכרים בספר „יזכור", שיכולים לשמש סמוכין לכך:



בית הכנסת הגדול בהורודוק

„אוצרה החשוב ביותר של קוזאן־הורודוק, וגאוות העיירה היה בית הכנסת העתיק „החומה". סיגנון בנייתו הזכיר את בתי הכנסת של סוף ימי־הביניים. פתח ביה"כנ היה נמוך, כי הנכנס בו חייב היה לעשות זאת תוך קידה והשתחוות. אך בפנים היה גבוה מאד. ארון־הקודש היה עטור תמונות חיות קודש. דוגמתו של ארון־קודש כזה לא היו רבים במדינה

ואפילו בערים הגדולות. היתה זו מלאכת־מחשבת של חכם־חרשים ששיקע בו ממיטב דמיונו ואמנותו, בחריטה ובפיתוח. שלושה ארונות־קודש כאלה הותקנו ע״י אותו אמן מביאליסטוק. האחד בעיירתנו, השני בלאכובה והשלישי מקומו לא ידוע. המוה הדבר, מה ראה חכם־חרש זה לבנות ארונות־קודש נהדרים כאלה דווקא בעיירות קטנות ונידחות כמו קוזאן־הורודוק ולאכובה. וכך התקיים בית־כנסת זה מאות בשנים עם ארון־הקודש שלו בקדושתו, במסתוריותו ועם האגדות הרבות שנרקמו סביבו במשך דורות, והצליח להחלץ משרפות ומהומות, מלדבות ומפשיטות גייסות עד שואת ימינו הגדולה״.

כל האמור לעיל בא להראות כי ארון־הקודש המפואר השלישי, הנזכר בספר „יזכור״, מקומו היה בבית־הכנסת הגדול בעיירתנו, וכי הותקן על ידי אותו אמן זוסמן מביאליסטוק לפני כמאה שנה ומעלה.

בית־כנסת זה זכה בשעתו לכמה ארועים שדטביעו את חותמם הפאטריארכלי על באי ביתו. כך, למשל, היו מבצעים בו טקסי ברית־מילה. את הסנדק היו מושיבים בכבוד רב על כורסה מיוחדת לשם־כך שנקראה: „כסאו של אליהו הנביא״ וויסנברג, מורה בית־הספר העממי הממשלתי היה נוהג להוליך את תלמידיו לבית הכנסת מדי יומא דגנוסיא ממלכתי. באותו מעמד שר החזן „הנותן תשועה״ ועושה „מי שברך״ לצאר ומשפחתו והמורה וויסנברג היה ממלא אחריו בההלהבות ומתוך ריגוש פטריוטי בצוותא עם תלמידיו, את השיר „אל מלך נצור״.

כן היה קיים מנהג להעמיד חופות לזוגות צעירים בחצר בית־הכנסת. מאידך נשתרשו כמה מנהגים פסולים בין בני הנעורים והקונדסים של העיירה ואלה הם:

ליידות כדורי שלג והפוחי־אדמה רקובים בראשי החתן והכלה והמחותנים. ובתשעה באב, בשעת אמירת הקינות לזרוק קוצים בזקני המקוננים ולקרוא תגר נגד החזירים ליד הנחל סופרסלה, בשעת אמירת „תשליך״ בראש השנה.

## ב.

הכונה רבה נשתררה סביב דרשתו של הרב דמתא בבהכ״נ הגדול ב„שבת הגדול״. מכל קצווי העיירה נהרו אנשים לשמוע דברי־תורה, דרש ופילפול לומדני. אך ביותר רבתה התכונה בפרוס ימי הסליחות.

משמישמש ובא ראש־חודש אלול ומיד לאחריו ה„ימים הנוראים״, הגיעה השעה לבני האדם לפשפש במעשיהם ולבחון היכן הם עומדים בתוך עולם חוטא זה? עגמומית ירדה לעולם ועצבות כירסמה את נפשם. עם שחר קרא השמש ל„סליחות״ והבריות היו מקיצים משנתם ונחפזים לביהכ״נ להתנער מעוונותיהם דרבים, מדאגות וטירדות־פרנסה על־מנת להכשיר עצמם לקראת יום־הדין הגדול והנורא.

## ג.

בימי שבת ומועד היו מתכנסים שניים־שלשה „מנינים״ לתפילה בציבור בביהכ״נ הגדול אולם „בימים הנוראים״ הוא היה מתמלא מתפללים עד אפס־מקום. לאחר הקמת בית המדרש „הבנוי״ ובית־המדרש ב„פיאסקעס״ ובית־מדרש קטן של דאחים לונסקי, נתמעטו המתפללים בביהכ״נ הגדול. משום־כך הפך ביהכ״נ הגדול למקום פולחן מרכזי בעיקר לאלה, שביקשו ליהנות מתפילה זכה ונאה. ואכן, ב„ימים הנוראים״ התכנסו בו מתפללים מכל שכבות העם, משמנה וסלתה של העדה, לרבות הגבירים, מסוגם של האחים לונסקי ובראשם דוב דמרא.

מקובל היה בערב ראש השנה לרפד את ריצפת בית־הכנסת בשחת ויחני. משום־מה? בכדי להקל על רגליהם של המתפללים. מכיוון שנהגו להתפלל בעמידה וגם מתוך חשש לדצטננות.

לפני תפילת „כל נדרי״ העמידו בכל מקום פנוי תבות עץ צרות וארוכות ממולאות חול שלהוכן החבו המתפללים „נרות של יום־כיפור״ עבים וגבוהים כקומת בן־אדם. נרות אלה היו דולקים עד לאחר קידוש־לבנה במוצאי יום־הכיפורים. ואילו דמהדרים־במצוות היו נוטלים אתם את בדלי הנרות הביהה בכדי לבנות לאורן את הסוכה מיד לאחר סעודת הצום.

## ד.

על יד עמוד התפילה עמד „החזן הזקן״ התשוש וידוע־החולי. אולם ראה זה פלא: על־אף חולשתו הגופנית, בהשראת היום הקדוש והנורא, התעוררו בו כוחות רדומים. גרונו נתמלא צלילים מסתלסלים כאילו הפך עול־ימים.

משהגיע ל„יעלות״ ו„יעלה קולנו מערב״ השלך הס בביהכ״ס, נשתררה דממה והנוכחים ציפו בדריכות עד כדי עצירת נשימה: מה קרה? למה לא נשמע קולו? שמא, חלילה, ניחר גרונו? אין זאת, כי השטן מקטרג בשעת סכנה. למרבה השמחה נתבדו החששות. בעיצומה של הדממה היה פורץ בקול אדיר: הס קטיגור! הס קטיגור! והמקהלה היתה ממלאת אחריו „קח סניגור מקומו״. החזן היה ממשיך בהתלהבות „חטא העבר וקול הגבר״ בקול אדיר קורע שחקים שהיה חודר לפני ולפנים. קהל המתפללים לבם מתמלא חרדת קודש ונשמתם מתמוגגת בבכי ותשובה. ואכן, משתאים היו כולם ליכולתו דרבה של „החזן הזקן״.

כדאי להזכיר, שגם האינטליגנציה הנוצרית שבעיירה כגון: פקידי הדואר, החובש גינאלסקי, קציני המשטרה וכיוצא בהם היו באים לביהכ״נ להקשיב אל הרינה והתפילה. בעיקר לתפילת „כל נדרי״.

## ה.

בתוך קהל עדת־ישורון זאת, התבלט אחד המתפללים שדסב את תשומת לבם של הנוכחים. הכוונה לר׳ יודל בינס העגלון, שהתפלל בדבקות, בקול רם ובבכי רב. דומה היה, שלוי יצחק מברדיצ׳ב זועק מתוך גרונו. מי שלא ראה ולא שמע את ר׳ יודל בינס בשעת הפילה ב„ימים הנוראים״ לא ידע מעולם תפילה מהי. לבוש „קיטל לבן שדמה למפרש של סירה שטולטלה בלב־ים סוער ורוגש, היה ר׳ יודל עומד לפני בוראו בלב שבור ורצוץ, בתפילה ובתחנונים: „חוסה על עמך, רבונו של עולם, הגוף שלך והנשמה שלך״ — היה נאנח עמוקות וממשיך בהכנעה: „מה אנו ומה חיינו, מה אנוש כי תשכרנו ובן־אדם כי תפקדנו, טאטע זיסער, ראה כי דלונו מאד״. דמעות צורבות היו זולגות מעיניו האדומות מבכי והיו נושרות על דפיו של ה„מחזור״ השטוח לפניו. „מחזור״ גדול

זה, שעבר בירושה מאבות לבנים ושדפיו היו ספוגים דמעות דורות מתפללים.

ו.

דפוסי חיים מסורתיים אלה האצילו הוד של אגדה על חיי העיירה ואילו מעמד החגים והמועדים, השראתם היתה רבה על כולם, לרבות ההדיוטות והאפיקורסים שבעיירה.

והנה עלה הכורת על כל ההוד והתפארת. המקומות והבנינים שנתקדשו מדורות והצפינו בחובם זכרונות וחוויות נעלות מימי הילדות ונעורים הפכו למחסני גרוטאות, לדירי חזירים וצאן או שעלו בלהבות אש בידיהם הטמאות של הרשעים הנאציים.

אויה כי כך עלתה לנו!

# עלייתי ארצה

(קטעי זכרונות)

מאת **א. קוסובסקי** (ישראל)

## עלוי לזכר אמי הורתי רבקה עטרה ולזכרה של רעיתי צפורה, מנוחתן עדן

### התקופה הסוערת

העשור הראשון של המאה העשרים היה עתיר מאורעות ברוסיה הצארית. המתקדמים בין בני־העם הרוסי, יחד עם בני עמי המיעוטים שהיו משועבדים לשלטונו הרודני של הצאר ניקולאי השני; — התקוממו מפקידה לפקידה על מנת למגרו. תקופה מהפכנית זו, זעזעה גם את המוני היהודים ועוררה בהם כמיהה לשיחרור לאומי וסוציאלי.

מלחמת רוסיה־יפאן נסתיימה במפלת רוסיה, וכתוצאה מכך, נחלשה יוקרתה וירדה פלאים. כל זה עודד וזירז את המהפכנים לנצל שעת־כושר נוחה ולהתקומם נגד שלטון הרשע.

לאחר כשלון מהפכת 1905 הגיבו השלטונות ברדיפות איומות על כלל המהפכנים ובגזרות ופורענויות מכוונות במיוחד על היהודים, שרבים מהם נימנו על כוחות המהפכה. אותם השלטונות האנטישמיים היו מעוניינים לגולל את האשמה בעיקר על ראשי הציבור היהודי, האשם כביכול בכל הצרות שהתרגשו על המדינה, ולפיכך ננקטו נגדו פעולות תגמול כבדות־עונשין.

עוד קודם לכן, נדחסו היהודים לתחום־מושב, גורשו מהכפרים ונשללה מהם הזכות להשכלה תיכונית וגבוהה. גל התעמולה דאנטישמית גאה ועלה, והגיע לשיאו בעלילת־דם שהועלתה במשפט מ. בייליס, מעשים אלה ערערו לחלוטין יסודות קיומם של המוני העם. העוני והמצוקה ברחוב היהודי הלכו והעמיקו. אין תימה, כי לנוכח כל זאת נאחזו הנוער וחלק מאבותיהם, מוכי הדלות וחסרי הישע, בכל סיסמה פוליטית, שהבטיחה חרות ופרנסה. ה„בונד" התבצר בתוך שכבות דעמלים היהודיים, שהאמינו לו, כי הנה מתקרבת שעת־כושר למהפכה סוציאלית אשר תביא בכנפיה גאולה וישועה לכל המין דאנושי, ובתוכו לכלל ישראל.

בעוד הנוער שקוע ראשו ורובו במרקסיזם ובמפרשיו, ובוויכוחים מייגעים על מצעי מפלגות שונות, — ניתכו על היהודים הפוגרומים בקישינוב, הומל, סדליץ וכו׳. בפרעות אלו נרצחו ונפצעו מאות יהודים ורכושם נשדד. באוגוסט 1903 הגיע הד"ר הרצל בשליחות שתדלנית, אל פלווה, המיניסטר הצורר, לבקש רחמים, אך שב בידיים ריקות.

### המצב בעיירתנו

תעשיית הטקסטיל העסיקה את רוב תושביה, אולם רק מעטים, הגבירתנים ובעלי השרירים, הצליחו להתפרנס בכבוד מעבודה זו. רמת חייהם של רוב הפועלים היתה ירודה ולא מעטים ביניהם היו מחוסרי עבודה כרוניים, עקב משברים עונתיים שבמקצוע. הללו נאלצו להגר למדינות הים — מי לארגנטינה ומי לערי אמריקה הצפונית — לחפש פרנסה. בין הביילורוסים שבעיירתנו ודסביבה ובינינו שררו יחסי שכנות סבלניים. אולם הנה באו וקרבו לסביבתנו ימי הדמים. ב־1906 פרץ פוגרום איום בעיר ביאליסטוק. נמצאו בוחשים ומסיתים מאנשי „המאה השחורה", ששקדו להפיח רוח־שנאה בהמוני האיכרים, בהפיצם סיפורי בלהות על עלילות־דם וכיוצא באלה. נקל להבין, שגם באלה מבין הנוצרים שנימנו, לכאורה, עם ידידינו, החלה מפעפעת איבה נסתרת, ומחכים היו בקוצר־רוח לרגע בו יינתן האות: „להכות ביהודים ולשדוד את רכושם". אולם הודות לנוער המאורגן שבעיירה, שנערך להגנה עצמית, — תוך מתן פרסומת מכוונת לדבר — יצאה עיירתנו בשלום מתקופת דמים זו.

### ההתפכחות

ההתפכחות, שבאה עם גלי השנאה ופרעות הדמים, עיצבה בנוער תפיסה ציונית, שדגלה בשיבה לציון, ערש־מולדתנו. חלק גדול מהנוער היהודי בערי רוסיה ופולין, שחדור היה בלהט דמהפכה היהודית, מחונן בתחושת הזמן, מצא שעת־כושר לרכז סביבו צעירים ולעורר בהם כוחות נפש רדומים, להלהיבם לחיי־רוח ולהדריכם למעשי חלוצים בארץ. רעיון העליה לא"י הלך וכבש את ליבות הנוער היהודי.

בימים ההם נתפרסם קול־קורא מאת מ. מ. אוסישקין, נשיא ועד חובבי ציון שבאודיסה, אשר קרא לנוער היהודי לתרום שלוש שנות עבודה בא"י. המורה דאידיאליסטן יוסף ויתקין, מראשון־לציון פירסם אף הוא קול־קורא לבוא ארצה לעבדה וליישבה. גם לעיירתנו הגיעו קולות התעוררות אלה, וגרמו בה לתסיסה רבה. כתוצאה מכך, התארגנה בשנת תרס"ו (1906) קבוצה חלוצית (כחצי תריסר צעירים וצעירות) שגמרה אומר לעלות ארצה בצוותא. אין לומר, שהחלטה זו

נבעה מתוך הכרה בייעוד היסטורי. שכן, לא היינו עדיין די בשלים להעריך כראוי את העתיד לבוא. פשוט החלטנו לכוון כך את חיינו, שנוכל לפרוע את הובנו לאומה ולהשתלב בתהליך הגשמת הציונות.

## דוגמא מאלפת

בתוך תוכו של הישוב היהודי בעיירתנו, גרה משפחה גרמנית נוצרית בשם „דגנטיש". פרנסתה היתה על מטוויה וטחנת־קיטור. כל בני המשפחה דיברו אידיש רהוטה, כמונו היהודים. בילדותנו שיחקנו עם ילדי המשפחה הזאת, הם לימדונו להתקין עפיפונים ולהעיפם במרומים. משהתבגרנו, הרגשנו לפתע, כי הבן הגדול נעלם מהאופק. נודע לנו, כי הוא נסע לגרמניה למלא חובת שרות־צבא, שכן היה נתין גרמני.

הרהורי: בחור זה יש לו מולדת ומרגיש הוא צורך חיוני למלא חובה קדושה לעמו ולארצו על־אף ישיבתו בשקט בנכר. ואנו מה תפקידינו? — רק לשמש שמן לגלגלי מהפכות זרות ובשר־תותחים לשלטון זר ועויין... דגנטיש זה לימדנו לדעת ולהבין: לא זו הדרך, מן ההכרח לעלות על פסים אחרים. וכתצאה מכך נתארגנה, כאמור, גם אצלנו קבוצה חלוצית במגמה לעלות לא״י.

## נתפרדה החבילה

האינפורמציה על הנעשה בארץ היתה מועטה, בתקופת העלייה השניה. הוסכם בינינו, להשיג ידיעות, ככל האפשר, ולהיות מוכנים לעלייה בחודש דצמבר 1906. למרבה הצער, הוברר כי ככל שקרבנו למועד זה, נשארתי אני יחידי שהחלטתי לעלות ואילו יתרם, נסתלקו אחד־אחד, אם מחמת ההנגדות ההורים ואם מסיבות אחרות. אבי התייחס בנייטראליות לצעדי זה. אמנם לא האיץ בי לעלות, אך גם לא הצר צעדי, ונימוקו עמו: אילו היה ברצוני לנסוע לאמריקה, כי אז היה מתנגד, מה שאין כן לארץ־ישראל, שהרי נאמר: „כל הדר בא״י יש לו חלק בעולם הבא", והוא כיהודי דתי חרד וירא־שמיים, אינו רשאי לקפחני במו־ידיו. כיוון שכך, שיטחתי לפניו בקשה, שיואיל ברוב טובו להלוות לי סך עשרה רובלים להוצאות הדרך, ונעניתי בחיוב. אני גאה לציין, כי מחסכונותי הראשונים בארץ החזרתי לו את הגמ״ח בתודה ובהוקרה.

## מסיבת פרידה

חברי הציונים ערכו לי מסיבת פרידה, מלווה נאומי הלל, כמקובל. לאמיתו של דבר היתה מסיבה זו למורת־רוחי. מטבעי אהבתי להתרחק מן הפירסום, ומה־גם שלא הייתי בטוח בעצמי, אם אעמוד במבחן של שלוש שנות עבודה בארץ. ראיתי את עצמי בחינת „אל יתהלל חוגר כמפתח", ולמרות מה שביטול הנסיעה המשותפת גרם לי אכזבה וצער, לא אביתי להעמיד בצל את שאר חברי הקבוצה, שביטלו את נסיעתם, כפי שתוכנן מראש. ידעתי שהיו להם גורמים אובייקטיביים להימנעות זו, ומן הסתם סבלו מוסר כליות.

בלכתי הביתה, לאחר סיום המסיבה, פיזמתי לעצמי את הפיזמון הקנטרני־לגלגני של ה„בונד", המכוון נגד הציונים „הבטלנים", בשם „עשרה ציונים היינו". פיזמון זה מתאר בצורה עוקצנית, כיצד עשרה ציונים התאגדו לפעולה ציונית. ובינתיים, נשרו אחד־אחד ולכיוונים שונים, עד שלא נשאר אף אחד מהם באגודה. במקרה דנן, ניחמתי את עצמי, נשאר אחד, לפחות.

## אודיסה, דצמבר 1906, בדרך לארץ

את דרכי עשיתי ברכבת לאודיסה ומשם באונייה רוסית המפליגה ליפו. לקחתי עמי חפצים אישיים הכרחיים ביותר, שארזתים במזוודת־סלסלה לא גדולה, וכר אריג בשק. שמתי לב לכך, שמטעני יהיה קל, ככל האפשר, למען לא אזדקק לעזרת סבלים, בדרכי. עשיתי זאת מתוך חישובים תקציביים, כדי שלא לעבור על תקציב נסיעה שהיה בגבול עשר לירות (ערכם אז לירה שטרלינג) שנמצאו החת ידי למטרה זו. במקום מעיל חורף ארוך וצר לקחתי עמי מעיל קיץ. חשבוני היה פשוט בתכלית. ברכבת הרי אפשר להסתפק במעיל קיץ. אודיסה קרובה לא״י ונחשבת לאיזור חם, ואשר לספינה, הרי זה כמו בבית. והנה, למרבה הצער, בבואי לאודיסה נתקלתי במזג־אוויר חורפי קשה, מין מעשה להכעיס ללבושי הקל. אזני קפאו והסבו לי מכאובים עזים. לפי כתובת שהיתה בידי, סרתי למלון „זלדיץ". בעל המלון, יהודי חביב, היה נוהג לקבל את אורחיו בסבר פנים יפות, בראותי שהוא מסדר לאורחיו כל מיני סידורים פורמליים במשרדי־השלטון שבעיר, פניתי אליו, ובקשתיו לייעץ לי, מה עלי לעשות, בכדי לקבל ויזה טורקית שתאפשר לי את המשך נסיעתי באוניה ליפו. הראיתי לו את המסמך־דרכון־חוץ, שקיבלתי מאת מתווך בביאליסטוק. לאחר שעיין בו, פרץ בצחוק:

— רואה אני, אישי הצעיר, כי הנך טירון בשטח זה! דע לך, המתווך רימה אותך. מיסמך זה, אינו אלא אישור מאת משטרת ביאליסטוק שאינה מתנגדת ליציאתך לחו״ל. ערכו כאן כקליפת השום. להמשך הפלגתך יש מן הצורך להתחיל הכל מבראשית. כי רק אחרי קבלת דרכון חוץ־לארץ, תוכל להשיג אשרת־כניסה מאת הקונסול הטורקי.

— אמנם כן! — אמרתי מבוייש, בנסותי להצטדק, — כנראה, שהמתווך הפילני בפח. באמת, מעולם לא נסעתי לחו״ל. אף־על־פי־כן עוץ עצה כיצד לתקן את המעוות. אנא, עשה למען חלוץ טירון העומד לפניך! — לרוע המזל — השיב, — יש לך קצת מזל, האוניה תפליג מכאן באיחור זמן, לא לפני שבוע ימים, כי הים קפא בשטח הנמל והספינה ממתינה לבואה של האוניה שוברת־הקרח למען תסלול לה נתיב למרחבי הים.

דנה כי כן, ניתנת לך האפשרות לסדר תוך שבוע ימים, דרכון כשר, אלא שהדבר כרוך בסכום ניכר, בנת?!

לשמע הדברים, נאנחתי עמוקות, ובעיני נקוו דמעות, הפעם מהוך רגשות מעורבים של שמחה וצער. גוללתי בפניו את החשש המקנן בלבי, שמא אהיה ח״ו נאלץ להפסיק את המשך נסיעתי בגלל חוסר אמצעים לסידור הדרכון.

— בוא ונעשה חשבון, — אמרתי לו, — מסכום עשרה רובלים שקיבלתי מאבי להוצאות הדרך, כבר הוצאתי שלושה לכרטיס נסיעה ברכבת עד אודיסה ומיצרכי מזון הכרחיים. אדרבה, הגע בעצמך, עם שבעת רובלים הנותרים אנה אני בא? מה, אם כן, יהיה הסופי, באין לי כאן, בכרך זה, לא קרוב ולא גואל?!

בעל המלון נראה אף הוא נרגש משיחה זו. דממנו שקועים במחשבות נוגות. אולם חיש־מהר התאושש, שם, מעשה־חיבה, את ידו על שכמי ואמר:

— משתתף אני בצערך, אבל אל יאוש! אשתדל לעשות למענך כמיטב יכולתי. וכי מה לא עושים למען חלוץ העולה לא"י?!

וכך, הודות לעזרתו הרבה והמסורה, השגתי תוך ימים ספורים דרכון, בו הוטבעה אשרת הקונסוליה הטורקית, כדת וכדין. כל ההוצאות הסתכמו בסכום פעוט. פגה המועקה שבלב, נשמתי לרחה, והודיתי לזלדיץ על חסדו הרב עמי.

## ויכוח בין חוזרים

בין אורחי המלון היו שני יהודים, אשר זה מקרוב חזרו מארץ־ישראל, שניהם תעשיינים. האחד בשם קוגל, בורסקאי מהעיירה קרינקי, והשני בשם ברסלב, בעל בית־חרושת לייצור שמן באודיסה. שניהם בעלי הכרה ציונית: לראשון, היתה דעה פסימית ביותר על המצב בארץ. לדבריו, היישוב היהודי בארץ זעום ודל; רמת חייו של היישוב הערבי נמוכה עוד יותר, בקיצור, הארץ נמצאת בשפל המדרגה ואין בה אחיזה כלשהי לא לתעשיינים ולא לפועלים יהודים. יתר על כן, קיים בארץ מצב של חרם על הפועל היהודי מצד נותני העבודה היהודיים, במושבות. הפועלים מדוכאים ומשועממים מרוב בטלה. סובלים ממש חרפת רעב. ואילו השני טען, כי אין השד נורא כל כך. ואשר לחוסר־עבודה, אדרבה, יבואו בעלי־תעשייה יהודים, יתיישבו בארץ, יקימו בתי־חרושת והמצב ישתנה לטובה. הוא, למשל, אומר ועושה. האחים ברסלב מעבירים את בית־הבד שלהם מאודיסה ליפו. (כיום נמצא בית־בד זה בסימטת „בית־הבד" מאחורי הדואר המרכזי בתל־אביב). התפתח ויכוח ער, בו נטלו חלק רבים מן האורחים. שעה ארוכה ישבתי והקשבתי לדברי המתווכחים, — אלה מחייבים ואלה שוללים. דומה, אלה ואלה אנשים מהימנים, אודה, קשה ומכאיב היה לי ויכוח זה. ישבתי כמי שחרב עליו עולמו. בהיוודע לתעשיין קוגל כי פני מועדות ארצה, הזהירני בדברים נמרצים:

— ידידי הצעיר, מתוך יחסי שכנות קרובה שבין הורודוק לקרינקי, מוצא אני לנחוץ לומר לך, כי צעדך זה יהיה טיול קודר למדי. מוטב, איפוא, שתשוב על עקבותיך כלעומת שבאת.

נקלעתי, כבף־הקלע, הרעיון לעלות ארצה אינו מרפה ממני אף לא ליום אחד, ומאידך, דברי אזהרה של זה האחרון מעוררים בי הרהורים שונים ואינני יודע אנא אני בא!...

## בבית אוסישקין

הוטל עלי לבקר אצל מ. מ. אוסישקין, נשיא תנועת „חובבי ציון", שמרכזה באודיסה.

יהודה בקנשטין, יו"ר אגודת „חובבי־ציון" בהורודוק, מסר לי סכום כסף, אוסף דמי־מנויים בעד ירחון „השילוח" על מנת למסרו לאוסישקין. הנה, אמרתי בלבי, ניתנת לי ההזדמנות לגולל בפניו את הדאגה המטרידה אותי. מי כמוהו יודע את האמת על הנעשה בא"י!... ובכן, מנוי וגמור עמי לשאול אותו שאלה פשוטה ותמימה: „כיצד זה מתיישבת פנייתו להמוני צעירי העם היהודי להקדיש שלוש שנות חיים לעבודה בארץ, בה בשעה, שהפועל היהודי מוחרם וסובל חרפת רעב?!"

חפשתיו במשרד הוועד האודיסאי של „חובבי ציון" ולא מצאתיו. מפי הסופר יעקב רבינוביץ, ששימש מזכיר הוועד, נודע לי מקום מגוריו הפרטי של אוסישקין. נשאתי את רגלי ישר לביתו. בהיכנסי, יצא לקראתי ופנה אלי בשפה הרוסית: „צ'טו ז'לאייטה, מולודוי צ'לוביק?" (מה חפצך בן־אדם צעיר). הצגתי את עצמי כאיש הורודוק. חלוץ, שנענה לקריאתו לעלות לא"י, ותוך כדי כך מסרתי לו את הכסף שנמצא תחת ידי. הוא קיבל את הכסף ונכנס לחדרו. ציפיתי זמן־מה שיזמינני לחדרו — ולשווא. יצאתי את הבית, במפח־נפש והרהורים נוגים. השאלה, שנקרה במוחי, נשארה תלויה בחלל האויר.

## בבטן האוניה

האוניה הרוסית שהפלגתי בה, נקראה, אוניית נוסעים, אך למעשה, היתה זו אוניית־משא. על סיפונה היו שניים־שלושה תאים עם מצעים לנוסעי מחלקה ב'. לנוסעי מחלקה ג' לא היתה דריסת־רגל בתאים אלה. הורו לנו לרדת לבטן האונייה, שדמה למחסן גרוטאות מזוהם, כולו עמוס מטעני צילנים וארגזי סחורות. רוב הנוסעים, (כמאה איכרים רוסים ונשותיהם שנסעו לא"י לבקר במקומות הקדושים לנוצרים), תפסו כמעט את כל שטח דרצפה ואנו, ארבעה נוסעים יהודים, ביניהם זקן וזקנה בערוב ימיהם, שמטרת נסיעתם לארץ הקודש היתה ברורה לפניהם ועוד שני צעירים רווקים, האחד עריק מהצבא שעלה לאוניה בדרכון מזוייף, והשני, טיפוס מוזר, שתקן, לבוש קרעים, בלי מטען אישי וחסר מיצרכי־מזון כלשהם. לא מן הנמנע, שנמלט מידי הבולשת, בעוון פעולה מהפכנית ואנוכי.

הנוסעים לא קבלו מזון ממטבח האוניה, פרט לרותחין וזאת תמורת תשלום. הכינותי לי צידה לדרך — נקניק ולחם. הכמות שהכנתי לי הספיקה לי בצמצום לכל ימי שהותי באוניה.

כבר בשעות הראשונות להפלגה בים השחור גברה הרוח ונהפכה לסערה עזה. הנוסעים החלו להרגיש ברע, פניהם החווירו והחלו מקיאים. במיוחד „הגדילו לעשות" הציילנים הרוסים לאחר שנתפטמו כדלכה במאכל כרוב־חמוץ־כבוש, שלקחו עמם בדליים שלמים כצידה לדרך. האוויר נעשה דחוס והצחנה הגיעה לשיאה. ניסיתי לעלות על הסיפון לשאוף אוויר צח — ולשווא. קור עצום חדר והקפיא את אברי גופי, דגלים גבהו וטלטלו את הספינה בעוצמה רבה, עד שנאלצתי לחזור שוב לבטן האוניה, תרתי אחרי פינה פנוייה ומצאתיה מאחורי ערמת חבלים, ובמצב של עלפון צנחתי על הריצפה. אולם, ראה זה פלא, מחלת הים לא פגעה כלל וכלל בצעיר השתקן. אדרבה, שעה שאנחנו בחלנו במזון, גבר תיאבונו לעילא ולעילא. לפתע, פתח פיו וביקש לכבדו בפת־לחם, כי רעב הנהו ובידו אין כלום. רמזתי לו, כי במזוודתי יש מכל טוב, אלא שאין ביכולתי, מחמת הסחרחורת לקום ולטפל בזה. הרעבתן לא החמיץ הזדמנות זו, ניגש למזוודתי והוציא ממנה את כל המלאי וזלל את כל הלחם והנקניק ולא נודע כי בא אל קרבו...

שעפסל דעם פורמאנס ווייב איז געווען א גרויסע קינדלערקע און ווי אויף צו להכעיס, פלעגט זי געבוירן נאָר מיידלעך, און שעפסל דווקא האט געוואלט זין. איז ער געווארן אין כעס און געוואָרטשעט:

— קוקט זי נאָר אָן, איידער איך באווייז נאָך אויסצוטאָן די שטיוול און זיי ארונטערשטעלן אונטער איר בעט איז זי שוין שוואנגער. און ווידער אַמאָל טעכטער... טעכטער. צו אלע רוחות, אווו אַנטלויפט מען פון איר?

## ער פארשטעלט זיך

ווען שעפסל פורמאַן איז אריין אין טיפן עלטער האָט ער גענומען בלאָנדזשען איבער די גאסן פונעם שטעטל, די היטל ארונטערגערוקט איבער די אויגן מיטן דאשעק פארדרייט אָן א זייט. מען האָט אים חושד געווען אז ער איז אַראָפּ פון זינען. ס׳ האָבן זיך געפונען נייגעריקע, וועלכע האָבן אים געפרעגט די סיבה פון אָט דער אויפפירונג זיינער. האָט ער אָפּגעענטפערט:

— איך האָב א פארדאכט, אז דער מלאך־המות גייט מיר נאָך. אָבער ניט אזוי לייכט וועט אים געלונגען מיך צו פּאקן. איך האָב באַשלאָסן זיך א שפּיל טאָן מיט אים אין באהעלטעלעך. האָב איך מיך פארשטעלט, כדי ער זאָל מיך ניט דערקענען.

# מעז יצא מתוק

מאת **א. ותיק** (ישראל)

מקובל היה בין הילדים, הנערים והנערות של העיירה, להתרחק ככל האפשר מסביבת בית־הכנסת הגדול, במיוחד בשעות החשכה, ועל אחת כמה וכמה לא לדרוך, חלילה, על מדרגות האבן. פחד טמיר זה היה מלווה את ימי ילדותנו.

וכל־כך למה? משום שהילדים האמינו בתום־לב כי בשעות הלילה מרקדים שעירים בתוך בית־הכנסת, ויצורי־אנוש עלולים להנזק קשה אם יימצאו במחיצתם של „הלא טובים”. לכן, שומר נפשו ירחק מהם.

גם בין המבוגרים נמצאו חלושי־מוחין, אשר האמינו בקיומם של שדים, מזיקין ולילין, והיו נוהגים לספר לילדים על תעלוליהם. ומי נער פתי ולא יאמין לסיפורי־זוועות אלה, היוצאים מפורש מפי שעפסל בעל העגלה?!

שעפסל זה, בעל בעמיו היה, ולא אחת נאבק עם שודדי לילה וגנבים, שזממו לסחוב מעגלתו מיני פרקמטיה, נאבק ויכול להם. לדבריו, נתחבבה במיוחד על „הלא טובים” אורותו. תחילה עסקו בקליעת מקלעות ברעמות הסוסים, לאחר־מכן מסדרים היו מין הילולה וחינגא, רקדו על גבי הסוסים ועינו אותם ללא רחם. שעפסל גם תיאר את דמותם של השדים, היינו: רגליהם ארוכות וצנומות, ככרעי תרנגולות, ולראשם מגבעת רחבת־שוליים ענודה סרטים אדומים. ובכן, כיצד מסלקים אותם? שעפסל, ברוב חוכמתו, מצא לכך תרופה בדוקה. הוא היה מפתיעם באלומת־אור, שנטלה מהם את כל אונם, והיו נעלמים כהרף־עין.

ומעשה שהיה, והוא נתחבא בערוב היום בערימת־שחת ופנס דולק עטוף מטלית כהה בידו. משהחלו להשתולל, הגיח שעפסל ממחבואו והרים את הפנס מעל לראשו. בין־רגע נעלמו רוחות הרפאים כלא היו. לאחר שחזר על פעולה זו — הבריחם לחלוטין.

ערב אחד של חולין, ספק אם כבר הגעתי אז לגיל בר־מצווה, הלכתי לתומי ברחוב שנקרא „שטעטל” והבחנתי לפתע באור בוקע מבעד לחלונות בית־הכנסת הגדול. השתוממתי, כי ידעתי, שבבית־הכנסת הגדול עורכים תפילה רק בימי שבת ומועד. ובכן, מהו, איפוא, טיבו של אור מסתורין זה? לכשגברה סקרנותי קרבתי אל סף הדלת ואז תקפתני חרדה ואחזני פיק ברכיים. מי יודע, חשבתי בלבי, אפשר ואין זו, אלא אחיזת־עיניים, ואני מהלך לתוך מקום מושבם של שדים, ומה יהא בסופי?

הסתכלתי סביבי וראיתי בריות מבני־עירי, שאני מכירם פחות או יותר, והנה הם מסתודדים ומתלחשים. אף־על־פי־כן גבר החשד בלבי: מה מעשיהם כאן בשעה זו שאינה כשרה לתפילה? אין זאת, כי אם טמנו לי פח, ולא רק האור מוסווה, אלא גם האנשים עטו מסכות, וכל זה בכוונה להוליכני שולל, למשכני פנימה ולהתעלל בי כאוות־נפשם.

ובעוד אני שוקל בדעתי, כיצד להתחמק מכאן באין־רואים, נגשו הם אלי. תפסוני, הרימוני מעלה־מעלה והעמידוני על הבימה. כל גופי רעד מהתרגשות ושיני נקשו מרוב פחד. בראותם את פני שהחווירו, הרגיעוני, באומרם לי בנחת: — „זקוקים אנו בילד מושך־בגורל, ואנו מטילים עליך תפקיד זה ביושר ובנאמנות.” נשמתי לרווחה.

הסתבר, כי מטרת ההגרלה היתה ליישב מחלוקת שפרצה בין תושבי העיירה, מי יישב על כס הרבנות לאחר פטירתו של הרב הדגול?

רב אברהם שלמה סקרובליצקי, היה ידוע כלמדן וחריף מוחין ומצדדיו לחמו בחירוף־נפש למועמדותו של זכריה הדיין, קרובו של ר׳ שלמה, שהיה יהודי עני וצנוע, כולו שקוע בד׳ אמות ההלכה. ברם, רוב תושבי העיירה התנגדו נמרצות למועמד זה, כי רצו ברב שיהיה לא רק גדול בתורה, אלא גם עוסק בצרכי ציבור. חילוקי־דעות אלה גרמו למריבות, שתחילתן היה ניפוץ־עששיות זה בביתו של זה, וסופן הסכם להביא מועמדים לכס הרבנות של העיירה מן החוץ, והגורל יחרוץ מי מהם יהיה לרב בעיירה.

וכך, למזלי „מעז יצא מתוק”, כי אותו ערב נקלעתי לבית־הכנסת בשעת ההגרלה. ילד קטן, בין קהל בוחרים משולהב. תפסוני, כבכורה בטרם קיץ, העמידוני על הבימה ואמרו: — „ילד, פסוק פסוקך, כלומר, טרוף פתקים בכיפה ששימשה קלפי, ומשוך!”

טרפתי ומשכתי, ונפל הפור על בחירתו של הרב ר׳ ניסן ברידה, מהעיירה קרעווע.

ואכן, נבחר — זה, היה לא רק עבד אלוהים מסור ויראשמיים, כי אם גם עוסק בצרכי־ציבור באמונה, נעים־הליכות, אהוד על הבריות וציוני נאמן אשר השביע את רצון הכל בעיירהנו.

# אלץ צום גוטן

פון א. ותיק (ישראל)

עס איז געווען אנגענומען ביי די קינדער פון אונזער שטעטל, יינגלעך און מיידלעך, זיך צוהאלטן וואס ווייטער פון דער גרויסער שול, דער עיקר ווען עס ווערט פינצטער. און אוודאי און אוודאי חלילה ניט צו טרעטן אויף די שטיינערנע טרעפ. אט די פארבארגענע שרעק האט באגלייט אונזערע קינדער־יארן.

פארוואס? ווייל די קינדער האבן געגלויבט פון גאנצן דארצן, אז אין דער שול, אין די נאכט־שעהן, טאנצן ארום שדים און די מענטשן קענען שווער גענעזעקט ווערן, אויב זיי וועלן זיך געפינען אין דער מחיצה פון די „ניט גוטע". דערפאר, ווער עס וויל בלייבן מיט גאנצע ביינער, זאל זיך פון זיי האלטן וואס ווייטער. כדאי צו באמערקן, אז אויך צווישן די דערוואקסענע האבן זיך געפונען אזעלכע, וואס האבן געגלויבט אין דער עקזיסטענץ פון שדים, מזיקים און רוחות, און זיי פלעגן נוהג זיין, צו דערציילן די קינדער וועגן זייערע שמד־שטיק. און וועלכער יינגל האט ניט געגלויבט אין אט די שרעקלעכע געשיכטעס און נאך דערצו ווען מען האט זיי געהערט דערציילן פון שעפסל בעל־עגלה? דער זעלבער שעפסל, א לייטישער ייד, וועלכן מען האט געהאלטן פאר א בר־סמכה, ווייל ער האט זיך ניט איינמאל געראנגלט מיט נאכט־גנבים און גזלנים, וואס האבן זיך פארלייגט אויף זיין פולן וואגן מיט סחורה, פארנדיק דורכן קראליער וואלד.

לויט זיינע רייד, האבן די „ניט־גוטע" געווארפן אן אויג דווקא אויף זיין פערד־שטאל. צוערשט האבן זיי גענומען פלעכטן צעפ פון די פערדישע גריוועס, דערנאך האבן זיי זיך געלאזט ווילגיין, געטאנצט אויף זייערע רוקנס און זיי געפייניקט אן רחמנות. שעפסל האט אויך געשילדערט וויאזוי די שדים זעען אויס, דהיינו: זיי גייען ארום אויף לאנגע און דארע הינערשע פיס און אויף די קעפ טראגן זיי שטרויענע היט מיט רויטע לענטעס. איז ווי אזוי ווערט מען פטור פון זיי? שעפסל האט צוגעלייגט קאפ און געפונען א מיטל. ער פלעגט זיי איבעראשן מיט צינדן ליכט, פון וואס זיי פלעגן פארלירן זייער כוח און אנטלויפן אווו דער שווארצער פעפער וואקסט.

און עס האט פאסירט א מעשה, אז ער האט זיך איין מאל אן אוונט באהאלטן אונטער א סטויג מיט היי און אין דער פאלע באהאלטן אז אנגעצונדענעם לאמטערן, ארומגעוויקלט מיט א טונקעלע שמאטע. ווען די שדים האבן זיך צעהוליעט, איז שעפסל דערשינען פון זיין באהעלטעניש און אויפגעהויבן דעם לאמטערן איבערן קאפ. אין מאמענט זענען די „ניט־גוטע" פארשוווּנדן ווי ניט געווען. ווען ער האט עס געמאכט עטלעכע נעכט נאכאנאנד האבן זיך די שדים איבערגעשראקן ניט אויף א קאטאוועס און זיך אפגעטראגן פון זיינע שטאלן מיט זייער גאנצן קלאפערגעצייג. איינמאל אין א וואכעדיקן אוונט, איך צווייפל אויב איך בין שוין דאן געווען א בר־מצווה בחור, בין איך מיר געגאנגען איבער דער גאס, וואס מען רופט זי „שטעטל", פלוצלינג באמערק איך א ליכט, וואס שיינט ארויס דורך די פענצטער פונעם גרויסן בית־מדרש. איך האב מיך פארוואונדערט, ווייל איך האב געוווּסט, אז אין דעם גרויסן בית־מדרש דאוונט מען נאר אין שבת און יום־טוב. אויב אזוי, פונוואנען נעמט זיך דאס ליכט אין אט דעם מיסטעריעזן פלאץ? און ווען איך האב שוין מער ניט געקענט צוימען מיין נייגעריקייט און איך בין צוגעקומען צו דער איינגאנגס־טיר, האבן מיר גענומען ציטערן די קנעכלען. ווער ווייסט? האב איך א קלער געטאן, עס קען גריילעך זיין, אז דאס איז נאר א אנשטעל און א שווינדל, און איך האב פארבלאנדזשעט צווישן שדים. איז וואס וועט זיין מיין סוף?

איך האב זיך ארומגעקוקט און דערזען באקאנטע פנימער פון שטעטלדיקע יידן, זיך דארט ארומדרייען, שושקענדיק צווישן זיך. טראץ דעם האט מיין חשד זיך נאכמער פארשטארקט. וואס טוען די יידן איצטער, נאכן דאוונען? ניט אנדערש, אז זיי האבן פאר מיר צוגעגרייט א פאסטקע און ניט נאר דאס ליכט איז פארפירעריש, נאר אויך זייערע פנימער פארשטעלט מיט מאסקעס. און דאס אלץ כדי מיר ארייננארן אין זאק, מיך צו פארשלעפן, כדי דערנאך צו טאן מיט מיר, וואס עס וועט זיך זיי פארגלוסטן.

און אזוי ווי איך שטיי און קלער אריין וויאזוי אומבאמערקטערהייט זיך אפטראגן מיט גוטן, זענען זיי צוגעקומען צו מיר, מיך געכאפט, אויפגעהויבן אין דער הויך און מיך ארויפגעשטעלט אויף דער בימה. מיין גאנצער קערפער האט געציטערט פון אויפרעגונג און עס האט מיך געשלאגן א צאן אן א צאן פאר שרעק. ווען זיי האבן באמערקט מיין בלאסן פנים, האבן זיי מיך בארואיקט און געזאגט, אז זיי דארפן א יינגל צוווארפן גורל, און אז זיי לייגן אויף מיר ארויף אט די אויפגאבע, היות זיי זיינען זיכער, אז איך וועל דאס טאן ווי עס דארף צו זיין.

עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז מען ווארפט גורל כדי צו מאכן א סוף מיט דער מחלוקת צווישן די שטעטלשע איינוווינער, ווער עס זאל ירשענען דעם אלטן רבס פאריתומטן פלאץ, נאך דעם ווי ער איז נפטר געווארן. אברהם־שלמה סקראבעליצקי, וועלכער איז געווען באקאנט אלס למדן און שארפער קאפ, צוזאמען מיט זיינע אנהענגער, האבן געפירט א שווערן קאמף פאר דער קאנדידאטור פון ר' זכריה דיין, רב שלמה'ס קרוב, וועלכער איז געווען א באשיידענער ייד און אין גאנצן ארייננגעטאן אין לערנען. אבער די מערהייט איינוווינער פון שטעטל האבן זיך ענערגיש אקעגנגעשטעלט דעם קאנדידאט,

ווייל זיי האָבן געוואָלט א רב ניט נאָר א גדול בתורה, נאָר אויך אזא איינעם, וואס טויג זיך אויס צו געזעלשאפטלעכער ארבעט.

אָט די חלוקי־דעות האָבן ניט נאָר געשאַפן א קריגעריי, נאָר אויך דערבראכט צו געשלעגערייען, ביז צום אויסהאַקן די שויבן איינער ביים צווייטן. צום סוף איז מען דורכגעקומען וועגן קאנדידאט פון דרויסן און אז א גורל וועט אַנטשיידן, ווער פון די קאנדידאטן דארף בלייבן רב אין שטעטל.

אָט אזוי האָט זיך אלץ אויסגעלאָזט צום גוטן. צו מיין מזל, האָט מיך יענעם אָוונט אַנגעטראָגן אין דער גרויסער שול ביים ווארפן גורל, א קליינער יינגל צווישן א מענגע דערוואקסענע יידן, וועלכע האָבן מיך געכאַפּט ווי א ווילדע מציאה, ארויפגעשטעלט אויף דער בימה און באפוילן:

— „יינגעלע, — מיש אויס די צעטעלעך אין דער יאר־מאלקע און ציי אַרויס אַ קוויטל".

איך האָב א מיש געטאָן און ארויסגעצויגן א קוויטעלע און דער גורל איז אויסגעפאלן אויף הרב ר' ניסן ברוידע, פונעם שטעטל קרעווע.

אָט דער ווילבאשערטער, איז געווען ניט נאָר אן ערלע־כער רב, א גאָטס־פארכטיקער ייד, נאָר אויך א געטרייער געזעלשאפטלעכער עסקן, מיט א פיינער באנעמונג, באליבט ביי די איינוווינער, און ער האָט ארויסגערופן צו זיך די גרעסטע סימפאטיע פון אלע תושבים אין אונזער שטעטל.

# רב שעפסל ז"ל

פון א. ותיק (ישראל)

משהתקרב שעפסל העגלון לגיל הזיקנה מסר את תפקיד הובלת משאות לביאליסטוק והימנה לבנו זיידקע, בן־יחיד מאשתו הראשונה, ואילו הוא עצמו עבר לעגלונות „עליונה", היינו — רכש לו כרכרה בעלת מושבים מרופדים לנוסעים ועסק בהסעתם לתחנת הרכבת וממנה לעיירה. במקרה ונזדמן לו נוסע חשוב, היה נוהג לפרוש על המושב המרופד את סודרה החגיגי של זוגתו, בכדי לגרום נחת־רוח לנוסע המכובד.

שינוי זה חולל מיפנה בכל אורח חייו. ראשית פשט את בגדי העגלון הגסים, לבש גלימה ארוכה כהה וסדוקה מאחור, חבש כובע „ספאדעק" לראשו, ובכך שיווה לעצמו צורה של צורבא מדרבנון. יתר־על־כן, נטש את מקום תפילתו הקבוע בבית־המדרש ד„עץ" — משכן תפילתם הקבוע של בעלי־מלאכה ופשוטי־עם — ורכש לעצמו מקום של קבע בבית־דמדרש „הבנוי", מקום תפילתו הקבוע של הרב דמתא ויהודים למדנים ובעלי־בתים מיוחסים. כאן התאבק בעפר רגליהם של תלמידי־חכמים, ובמרוצת הזמן התקרב לשולחן לומדי שעור של „עין־יעקב". רגיל היה בכל הזדמנות לעשות אוזנו כאפר־כסת ולהקשיב לדברי־תורה, וכל זה הסב לו קורת־רוח מרובה והנאה רוחנית עילאית. מדושן עונג היה, בחינת מי ידמה לו ומי ישווה לו. אולם אליה וקוץ בה, כי חולשה יתרה נודעה לשעפסל לעלות לתורה בשבתות ובחגים, אפשר והיתה בזה כונה לזכות במצווה ואגב־כך לשאת חן בעיני הגבאים ולהראות כתומך הגון בהחזקת בית־המדרש. לכאורה הכל הלך למישרין, אולם מעשה־שטן קפץ עליו רוגזו של שמש בית־המדרש יעקב־זלמן.

שמש זה נהג למכור „עליות" בצורת מיכרז, כלומר, כל המרבה במחיר זוכה בעליה לתורה. יעקב־זלמן היה יהודי פיקח ולמדן, וכגודל למדנותו כן קפדנותו: חרד ושמר כעל בבת־עינו בל יחולל חלילה כבוד בית־המדרש. לא פעם שפך חמתו על הילדים והראה להם את נחת־זרועו שעה שדפריזו בהרעשת המן־הרשע באמצעות רעשנים מחרישי אוזניים בזמן קריאתה של מגילת־אסתר. השגיח בשבע עיניים לבל ישוחחו המתפ־ללים ביניהם בשעת התפילה וקריאת התורה. נקל להבין, כי שמש קפדן זה הביט בעין זועמת בעגלון הנדחק למקום מקודש ומיוחס כשווה בין שווים.

— הרי זה ממש חילול הקודש ובזיון בית־המדרש „הבנוי"! — טען בפני המתפללים המיוחסים.

מאידך, היה שעפסל מרבה בקניית „עליות", ודא־עקא לא „עליות" סתם, כי אם מן „השמנות" שבהן, כגון: מייד לאחר עלייתו של הרב, או „ששי" וכדומה. ברם, כאן ניתקל המגל בסלע ונשבר לרסיסים, כאשר שעפסל הכריז על סכום מסויים תמורת „עלייה", העלה השמש את המחיר על דעת עצמו, באם לא היו קונים אחרים.

התמודדות זו בין השניים הלכה וגברה, והקהל נהנה מדו־קרב דמיוני זה. משהגיע סכום המכרז לשיאו ושעפסל נוכח לדעת, כי ידו של יעקב־זלמן על העליונה, לא עצר כח יותר, עזב את מקום התפילה שלו, ובעמדו כבר ליד הדלת, מעונה ונרדף, צעק בקול מר כמוכיח בשער:

— מה?! שעפסל העגלון אינו ראוי בעיניכם לעלות לתורה ל„עליה", „ששי". זיכרו דברי אלה: עוד יבוא זמן ויזכירו את שמי ברטט של קדושה, ויאמרו עלי „רבי שעפסל זכרונו לברכה".

אבל וחפוי־ראש חזר שעפסל למקום תפילתו הקודם, בבית מדרש ד„עץ", בו נתקבל בזרועות פתוחות.

## רב שעפסל ז"ל

ווען שעפסל בעל־עגלה איז אַלט געוואָרן האָט ער איבערגעגעבן די לייצעס און דאָס פירן משאות פון ביאליסטאָק אַהין און צוריק צו זיין זון זיידקע, דעם בן־יחיד פון זיין ערשט ווייב און ער אליין איז אריבערגעגאנגען אויף א „העכערע" פורמאַנקע דהיינו, ער האָט זיך איינגעשאַפט א קאָטש מיט ווייכע זיצפלעצער און זיך באשעפטיקט מיט פירן פאסאזשירן צו דער באַן־סטאנציע און צוריק אין שטעטל. פאר א חשובן פאסאזשיר פלעגט ער איבערציען דעם אויס־

געבעטן פלאץ מיט זיין ווייבס יום־טובדיקע פאטשיילע, כדי צו שאַפן א נחת־רוח דעם וויכטיקן גאסט.

אָט אָ די ווענדונג האָט געשאַפן אן ענדערונג אין זיין ביז איצטיקן לעבנס־שטייגער. צוערשט, האָט ער אויסגעטאָן דעם פראסטן בעל־עגלהשן אנטועכץ און ארויפגעצויגן אויף זיך א לאנגע און טונקעלע קאפאטע מיט א שפאלט פון הינטן. אָנגעטאָן אַ יארמעלקע אויפן קאָפּ און ער האָט באַקומען אַ צורה פון א בעסערן מענטשן. נאָך מער, ער האָט פארלאזט זיין איינגעזעסענעם פלאץ אין דעם הילצערנעם בית־מדרש, אווו עס דאוונט עמך־שער און אייזן און ער האָט זיך איינגעשאפט א „שטאָט” אין דעם גבירישן בית־מדרש אווו עס דאוונט דער רב דמתא, יידן למדנים און סתם בעלי־בתים פון גרויסן יחוס. ער האָט זיך דאָרטן געריבן צווישן תלמידי חכמים, און מיט דער צייט זיך אפילו צוגעשאַרט ביז צום לערנער־טיש פון „עין־יעקב”. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער צולייגן אן אויער און איינזאפּן אין זיך דברי־תורה, און דאס אלץ האָט אים פארשאפט א סך פארגעניגן און א גייסטיקע הנאה. ער האָט זיך געשמאָלצן פון נחת, ווייל ווער קען זיך צו אים גלייכן? אָבער דאס גוטס אין לעבן צעגייט שנעל ווי חלב אויפן פייער. שעפסל האָט געהאַט א שוואכקייט, שבתים און יום־טובים צו כאפּן „עליות”. זייער מעגלעך, אז ער האָט געהאַט א כוונה, זוכה זיין א מצווה און דערביי נושא־חן זיין ביי די גבאים און זיך ווייזן אלס אָנשטענדיקער נדבן, וואס האַלט אויס דעם בית־מדרש. אויבן־אויפיק האָט אלץ אויסגעזען כשורה. אָבער מעשה־שטן, האָט אויף אים געווארפן א בייזע אויג יעקב־זלמן, דער שמש פונעם בית־מדרש.

דער שמש פלעגט נוהג זיין צו פארקויפן „עליות” ווי אויף אַן אוקאַזיאַן, דאָס הייסט, ווער עס גיט אַ בעסערן פרייז, דער איז זוכה צו עליה לתורה. יעקב־זלמן איז געווען א ייד א פיקח און א למדן, און צו דעם אלעמען, א גרויסער קפדן. ער האָט געציטערט און אָפּגעהיט ווי דאס פינטעלע אויג, עס זאָל חלילה ניט פאלן א שטויבעלע אויף דעם כבוד פונעם בית־מדרש. זייער אָפט פלעגט ער אויסלאזן זיין כעס אויף די קינדער און ארויסווייזן זיין פעסטע האַנט, בשעת זיי פלעגן פאנאנדערגרעגערן המן־הרשע מיט די גרילצנדיקע גרעגערס און פארטויבן דאס לייענען די מגילת־אסתר. מיט זיבן אויגן האָט ער אויפגעפאסט, אז די מתפללים זאָלן ניט רעדן צווישן זיך ביים דאוונען און ביים לייענען די תורה. פארשטענדלעך, אז אָט דער שטרענגער שמש האָט געקוקט מיט א קרום אויג אויפן בעל־עגלה, וועלכער שטופּט זיך צום אויבנאָן, ווי א גלייכער צווישן גלייכע, צו אָט דעם פארהייליקטן און יחוסדיקן פלאץ.

— דאָס איז דאָך ממש א חילול הקודש און א בזיון פאר דעם געמויערטן בית־מדרש — האָט ער געטענהט פאר די מיוחסדיקע מתפללים.

אָבער שעפסל האָט געהאַלטן אין איין אויסקויפן די „עליות” און ניט סתם „עליות”, נאָר דווקא די „פעטע” פון זיי, ווי צום ביישפיל: באַלד נאָך דער „עליה” פונעם רב, אָדער „ששי” א א. וו. נאָר דא האָט די קאָסע זיך אָנגעשטויסן אין א פעלז און זיך צעבראכן אויף שטיקער. ווען שעפסל האָט אויסגערופן דעם פרייז פון אן „עליה”, האָט דער שמש באַלד אויפגעהויבן דעם פרייז אויף אייגענער האנט.

אָט דער פארמעסט צווישן זיי ביידן, האָט לאנג אָנגעהאַלטן, און קהל האט שטאַרק אָנגעקוואלן פון דעם דועל. ווען דער אויסגערופענער פרייז איז געשטיגן ביז צום סאמע שפּיץ און שעפסל האָט זיך איבערצייגט אז יעקב־זלמן האָט די אויבער־האַנט, האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און פארלאזט זיין „שטאָט”, און שוין שטייענדיק נעבן דער טיר, א פאר־פייניקטער און גערודפטער, האָט ער צעאָרנדיק א געשריי געטאָן און זיין קול האָט געקלונגען מיט ווייטיקדיקע טענער:

— וואס־ עס געפעלט אייך ניט, אז שעפסל־פורמאן זאָל עולה זיין צו דער תורה ששי”!? געדענקט מיינע ווערטער! עס וועט נאָך קומען א צייט און איר וועט מיין נאָמען דער־מאָנען מיט א ציטער פון קדושה און איר וועט זאָגן אויף מיר: „רבי שעפסל זכרונו לברכה”.

מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אן אבל, האָט שעפסל זיך צוריקגעקערט צום דאוונען אויף זיין אַלטן פלאץ, אין דעם הילצערנעם בית־מדרש, אווו מען האָט אים אויפגענומען מיט אַפענע אָרעמס.

# יקב הרופא*)

מאת א. בן-עיר (ישראל)

עד לראשית המאה הנוכחית טרם היה רופא מוסמך בהורודוק, ואת תפקידו מילא חובש בשם „יקב הרופא". יהודי עליז ובעל מזג־טוב, שהיה ידיד טוב לזאטוטים שבקרוהו, על מנת שיציץ לתוך גרונם. היה נוהג לכנותם בכינויי־חיבה שונים ומשונים כגון: „פיפערנאָטער" (שפיפון) „האָניק־טייגל (צפיחית בדבש) וכדומה, צבטם בלחי ומלמדם פרק בגריפת חוטם. וכל זאת — כדי שלא יתמרדו בשעת טיפולו בהם.

עם תום הבדיקה, כיבדם בסוכריות־לאנדרין ושלחם מעל פניו. אך גם למבוגרים הסביר פנים. בקיצור, אדם נוח לבריות.

טרם ידע העולם על טרומבוזה, סקלירוזה וכינויי מחלות „מודרניים" אחרים, שמוציאות את האדם מהעולם הזה, וכשמן־דהוא שאלו לסיבת מיתתו החטופה של פלוני קבע יקב את הדיאגנוזה מיניה־וביה ועל טהרת לשון הקודש: „מיתה משונה" (בהברה אשכנזית).

ופעם, כשהרופא שלנו נפל למשכב והביאו אליו רופא מוסמך שמישש בדופקו, פנה אליו יקב בתנועת־ביטול יהודית:

— הי, קולגה, הנח לשטויות הללו, מי כמונו יודע שלא קיים דופק באדם.

מספרים, שבאחד הימים ביקרו אביון, שחזר על הפתחים, לאחר שיקב נתן לו נדבה, לא עזב את מעונו ומדי־פעם נאנח אנחות קורעות לב. הזמינו יעקב לשולחן וכיבדו בתבשיל חם. כשגמר לאכול, נאנח הקבצן פעם נוספת ונשאר צמוד לכסאו.

— על מה יהודי נאנח, על חורבן בית־המקדש? — שאלו יקב.

— „מה פירוש על מה" — השיב דקבצן, — „מבוקר עד ערב אני מכתת רגלי ומקבץ נדבות שערכן פרוטה, או פרוסת־לחם שאינה ראויה למאכל כלבים, בהן צדק, טוב מותי מחיי". — מה עשה יקב? ניגש לארון המכיל מכשירים כירורגיים, הוציא מספריים לפתיחת מורסות, ניגש לקבצן ובארשת־פנים רצינית פנה אליו ואמר:

„הסכת, ר' יהודי, היות ואני משתתף בצערך הרב, הנני מוכן ומזומן להוציאך כהרף־עין מארץ החיים הארורה ולשחרר אותך מכל יסוריך. רק אגע בוריד שעל ידך ותמות מיתת־נשיקה כמשה רבנו ע"ה —

לשמע דברים אלה, ניתר הקבצן ממקומו כאילו הכישו נחש ונמלט על נפשו.



ה„פעלשער" עם עוזריו בבית־החולים בהורודוק

*) נינתו בישראל היא רחל בת דניאל מרקוס, שחקנית תיאטרון הקמארי.

# זכר לחלוץ אלמוני

מאת א. קוסובי (ישראל)

מרדכי ספיר, ראוי ללא ספק לכתר „חלוצה הראשון של הורודוק". בעזבו את הורודוק היה כבר בגיל העמידה. אלמוני היה בצאתו. וכך נשאר עד יומו האחרון, מבלי השאיר אחריו זכר למקום קבורתו.

הוא היה אומן צבעים בטכסטיל ובבואו ארצה לפני חמישים וחמש שנה לא מצא תעסוקה במקצועו. כי טרם היתה אז בארץ תעשית בדים ומחמת גילו לא היה מסוגל לעבודה חקלאית.

עם קום בית הספר לאמנות „בצלאל", שפתחו גם מחלקה לאריגת שטיחים בהנהלת אומן תעשית המרבדים, מר קנטורוביץ, הועסק ספיר בצביעת חוטים, והיות והעבודה היתה חלקית, לא השתכר די הצורך לקיומו. בשנת 1907 פגשתיו בירושלים כשהוא חי חיים עלובים למדי, ואם כי לא שמעתי טרוניה מפיו, הבחנתי במצבו החמור. את כל שעותיו הפנויות בילה בספריה הלאומית מיסוד של ד"ר י. חזנביץ ועיין בספרים.

מה הניע את ספיר לנטוש את עיירתו ומקום עבודתו הקבוע ולעלות לארץ־ישראל? סבורני, שמצבם הטרגי של המוני העם בתחום המושב של רוסיה הצארית, המהנק הכלכלי והתרבותי ופרעות הדמים ברחוב היהודי, הם הם שדחפוהו להטות אוזן קשבת לקל קריאתם של עולי „העליה השניה" לעלות לארץ־ישראל ולהתיישב בה.

בשובי ארצה בתום מלחמת העולם הראשונה, בשנת 1920, חפשתיו במקומות שונים ולא הצלחתי לגלות את עקבותיו. לא מן הנמנע, שהוגלה עם יתר היהודים לדמשק, לפי פקודת העריץ התורכי ג'מל פחה ושם מצא את מותו בין יתר הגולים שעונו עד מוות.

מותר לומר, כי מ. ספרי הוכיח את עצמו כאידאליסט עד כדי הקרבה עצמית. הבה ננציח את שמו וזכרו על ידי כך, שאת קופת גמילות החסד של הארגון, נקרא על שמו של החלוץ האלמוני הראשון של עיירתנו הורודוק ונכנה בשם „קרן־ספיר"!

# די „טראיקע"

פון אריה גרינוואלד (ישראל)



דריי זענען זיי געווען, די שמנה דסלתא פון די סלאנימער חסידים אין שטעטל, וועלכע פלעגן פאָרן צוויי־דריי מאָל אַ יאר צום רבין, כדי זיך אָנשעפּן מיט השראה און חסידישקייט, און דערפון ציען די יניקה א גאנצן יאר — דריי פארשיידענע יידן.

דער ערשטער פון דער „טראיקע" — רב מענדל גורקער, א הויכער שיינער ייד מיט א ווייסער באָרד. א גרויסער למדן און געקענט גאנץ ש"ס אויף אויסווייניק, און א סברה, אז ער האָט זיך אויך פארשטאַנען אין די קליינע פינטעלעך פון קבלה — ער פלעגט צוריקקומען פון רבין פול מיט התלהבות אָבער אויך מיט קריטיק. די חסידים פלעגן זאָגן וועגן אים, אז ער קען מער לערנען ווי רעדן.

דער צווייטער, רב אליהו שוחט, אויך א גרויסער למדן, א מוהל און א גוטער בעל־קורא, אַ נאָך מער ווארעמער חסיד. ווען ער פלעגט צוריקקומען פון רבין, האָבן מיר, יונגווארג ניט געפונען פאר זיך קיין מקום־מנוחה אינעם „שטיבל", ווייל ער פלעגט ניט לאָזן א ווארט אויסרעדן און געוואַלט, אז מיר זאלן דאווענען פונקט אזוי ווי ער, מיט היץ און ברען, און טאָמער ניט, פלעגט זיך דאס „שטיבל" הויבן פון זיינע געוואלדן. און רב מענדל פלעגט דערביי זאָגן: „מען דארף האָבן חסידישע שקצים אויך". אָדער ווען מיכאל נאָווי־שיאלקער פלעגט דאווענען שחרית און מיר פלעגן די „שטיבל" אַוועקלאָזן אויף רעדלעך, און רב אליהו פלעגט טופּען מיט די פיס און שרייען אויף אונז מיט ווילדע קולות, פלעגט רב מענדל לאַכן פון אים און זאָגן אויף אונז, אז מיר וועלן נאָך דעם נאָווישיאלקער מאַכן פאר אַ גוטן בעל־תפילה...

רב יעקב משה איז אויך געווען א ייד, וואס האָט געקענט א סך לערנען, אָבער נישט אזוי ווי זיינע ערשטע צוויי חברים פון דער „טראיקע". ער פלעגט גאנץ אָפט אריינקוקן אין א זייטיקן ביכל און אפילו געכאפּט א בליק אין דער „ברית־חדשה". אָבער צו דעם אַלעמען איז ער געווען א פלאם־פייערדיקער חסיד און ווען ער פלעגט אהיים קומען פון רבין, פלעגן זיך די הימלען שפּאַלטן און די ווענט ציטערן פון זיינע תפילות. שבת בין מנחה למעריב, צו שלש־סעודות, פלעגט ער זינגען זמירות און עס האָט זיך אויסגעדאכט, אז מען זעט די שכינה שוועבן אין דער לופט.

איין מאָל, ווען רב מאיר לאנדא דער פאבריקאנט, האָט זיך אוועקגעשטעלט מקבל־שבת זיין און רב יעקב משהן איז ניט געפעלן געווארן זיין דאווענען, איז ער צו אים צוגעקומען און אים אוועקגעשטופּט אָן א זייט, זאָגנדיק דערביי: „אוי־ווי! ווי דו האָסט זיך עס ארויפגעלייגט אויפן עמוד מיט דער גאנצער פאבריק דיינער. דער רבונו של עולם קען עס ניט פארנעמען" און ער אליין האָט ממשיך געווען דעם דאווענען. און גאָט מיט די חסידים האָבן שטאַרק הנאה געהאט דערפון.

און ערב ראש־השנה, ווען אלע יידן זענען געגאנגען אין שול אריין האָט זיך שאשקע דעם שוסטער פארגלוסט ארויס־ענדיקן פאר נאליווייקען דעם פיאניצע די פּאָר שטיוול, וואס ער האָט באשטעלט און פארשטייט זיך, אז יעקב־משה האָט דאָס דערזען, האָט זיך אין אים דערוועקט דער חסידישער ברען און ער האָט ביי שאשקען אויסגעהאַקט אלע שויבן. קלאָר ווי דער טאָג, אז שאשקע איז ניט געבליבן קיין נגזל און אים צוריקגעצאָלט מיט דער זעלביקער מטבע. און אז רב יעקב־משה איז אריינגעקומען אין „שטיבל", האָט אים רב מענדל מקבל פנים געווען מיט פאָלגנדן: „יעקב משה, — האָט ער אים געמוסרט, — נעם זיך ניט אָן פאר דער קריוודע פונעם אויבערשטן, ער וועט אליין יאַקאָש זיין שטעטל באַשטיין".

פון מאָל צו מאָל פלעגט די „טראיקע" פירן א וויכוח צווישן זיך וועגן ארץ־ישראל, פלעגט רב מענדל טענהן, אז מיט אברהם־איצעלאך קען מען ניט בויען קיין לאנד. אליהו

דער שוחט האָט געעצה׳ט וואַרטן אויף משיחן אין דווקא רב יעקב־משה האָט זיך אין דעם ענין ניט פאַרלאָזט אויפן רבונו של עולם און געהאַלטן אין איין געבן גוטע עצות וועגן בנין הארץ.

און עס האָט זיך אזוי געמאַכט, אז שפּעטער מיט יאָרן זענען רב יעקב משה מיט רב מענדלען זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, צו די קינדער און די אייניקלעך, און עס געדענקט זיך גוט דער מאָמענט, ווען די צוויי יידן האָבן זיך רירנד געזעגנט מיט זייער דריטן חבר פון דער „טראיקע״ און אויך מיט אלע אַנדערע חסידים פונעם „שטיבל״ און פאַרווירקלעכט זייער לעבנס־חלום פון „ותחזינה עינינו בשובך לציון״...

די פריינטשאַפט צווישן דעם „דריילינג״ האָט זיך אָבער ניט איבערגעריסן און אין משך פון גאָר א לאנגע צייט האָבן זיי אָנגעהאַלטן אַ בריוולעכן קאָנטאַקט. אָבער זייערע בריוו האָט קיינער ניט געקענט איבערלייענען נאָר זיי אליין, ווייל זיי פלעגן אים שרייבן אין כתב־סתרים. אין איינעם אַזאַ בריוו האָט רב מענדל מודיע געווען רב אליהון, אז רב יעקב משה האָט שוין דריי טעג ניט געלייגט קיין תפילין...

אַוווּ זענען זיי אהינגעקומען אָט די אַלע טייערע חסידים, שוסטער און שניידער, שוחטים, רבנים און רביים מיט וועלכע מיר האָבן לאנגע יאָרן געלעבט צוזאמען?

דער מערדערישער היטלעריזם האָט זיי אלעמען אום־געבראכט אין די טויט־לאגערן און מיר ווייסן ניט אפילו וווהין עס איז אהינגעקומען זייער געביין, אָבער זייער אָנדענק וועט אייביק לעבן אין אונזער הארצן!

# שטעטלשע יידן

פון **אריה גרינוואלד** (ישראל)

יצחק קאפּלאַן, דער בירניק, איז געווען אַ באלעבאַטישער ייד, און אויך א למדן. ער האָט געהאַלטן די קאָנצעסיע אויף ביר און אויך געווען א מעל־שענקער. ער האָט זייער געוואלט, אז זיינע קינדער זאָלן גיין אין זיינע דרכים און ער האָט זיי באַשעפטיקט ביי זיך אין געשעפט.

צען פראצענט פון זיין יערלעכער הכנסה, פלעגט ער אויסצאָלן דעם „הפץ־חיים״. ער איז געווען א גוטער בעל־תפילה און א זעלטענער שופר־בלאָזער.

א מנהג איז געווען ביי אים, יעדן שמחת־תורה, צו נעמען א זעקל מיט עפּל אויף די פּלייצעס, גיין איבער די גאסן, צעטיילן די עפּל צווישן די קינדער, שרייען „צאן קדשים״ און שטאַרק אָנקוועלן, ווען זיי פלעגן אים אָפּענטפערן מיט א הילכיקן מ־מ־מ־ע!

דאקעגן, זיין שכן אין בית־מדרש, מיטן נאָמען וועלוול אני, זיין איפכאַ־מסתברא, פלעגט ניט פארטראגן די געזעל־שאפט פון קינדער. האָט ער אָנגעהאַלטן א שטענדיקע קריגעריי מיט דעם בירניק, הלמאי ער איז זיי מקרב צו זיינע ד׳ אמות.

עס זענען געווען אין שטעטל נאָך צוויי לייטישע יידן: ר׳ יחיאל דער סטאליער און ר׳ מענדל קראליער. איינמאָל האָט ר׳ יחיאל געמאָלדן, אז היינטיקן פורים שלאָגט מען ניט המנען, ווייל מען צעברעכט די טישן מיט די בענק און מען מאכט חרוב דעם בית־מדרש. איז ר׳ מענדל ארויס מיט אַ טענה: „הלמאי זאָל מען ביי די „ווייסע חברה״ צורויבן דעם פארגעניגן אויף וועלכן זיי ווארטן א גאנצן יאר? האָבן זיך באַלד געשאפן צוויי צדדים. איין צד האָט געהאַלטן, אז מען דארף יאָ שלאָגן המנען און דער צווייטער — ניט שלאָגן. און אז מיר, די „ווייסע חברה״ האָבן דערשנאַפּט, אז די מחלוקת איז ערנסט ביז גאָר, האָבן מיר מודיע געווען, אז צוליב שלום־בית וועלן מיר האיאר המנען ניט שלאָגן און פארלאָזט דעמאָנסטראטיוו דעם מקום קדוש. אָבער זיך באלד צוריקגעקערט און פארשפּארט אלע מתפללים אין דער שול מיט העלצער און פלאקנס ביי דער טיר און זיי אויפגעהאַלטן אין בית־מדרש־ארעסט א לאנגע צייט נאָכן ענדיקן לייענען די מגילה.

און עס זענען געווען דריי באלעבאטים: יצחק מיירים דער בעקער, ניאמקע דער שליאסער (ארעסטאַנט) און משה׳קע דער מוליער. זייערע הויפן האָבן געגרענעצט איינער מיטן אנדערן און אלע יארן האָט געהערשט צווישן זיי א שלום־בית. מען האָט געשעפט וואסער פון ניאמקעס ברונעם און די טשאָלנטן געשטעלט ביי יצחק מיירים דעם בעקער אין אויוון אזוי לאנג, ביז דעם בעקער האָט זיך פארגלוסט א קאַפּעטשקע מער לופט אין זיין בעקעריי און ער האָט אויס־געהאַקט א לופטשיק אין דער וואנט, וואס גרענעצט מיט ניאמקעס הויף. האָט ניאמקע געמאָלדן: „לא מיט אַן אַלף! איך וויל ניט אַז דו זאָלסט ארײנקוקן אין מיין הויף!״ פאר־מאַכט דעם ברונעם און ארויס מיט זיינע „ארבעה בנים״ און פארשטעלט דעם לופטשיק. האָט זיך באלד פארקאָכט א גערדיכטע קאַשע. יצחק־מיירים פלעגט אומווארפן דאָס וואס ניאמקע פלעגט אויפשטעלן. די גוטע שכנים האָבן זיך פאר־וואנדלט אין דם־שונאים. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אַז יצחק מיירים מיט משה׳קע מוליער האָבן געמאַכט שבת פאר זיך, אויפגעגראבן א בשותפותדיקן ברונעם ביי משה׳קע אויפן הויף, אבי ניט אָנצוקומען נאָך אַן עמער וואסער צום בר־פלוגתא.

אָבער אין דער זעלבער צייט, וואס די עלטערן האָבן זיך ארומגעריסן איבער לופט און וואסער, גבאות אין בית־מדרש און חברה־קדישא, האָבן זייערע זין און טעכטער זיך פאר־נומען מיט קולטור־דערציערישער טעטיקייט אין די יוגנט ארגאניזאציעס „החלוץ״, „השומר־הצעיר״ א. א. זיי האָבן חבריש צוזאמענגעארבעט, זיך גרויסארטיק געוויילט און גאָר אָפט פארבראכט הינטערן שטאָט ביי לאהן אויף דער באנק, נעבן דער לעצטער יידישער שטוב אויף ביעלאוויטשער וועג.

אויפן צווייטן וויגאַן אויף א בערגל ביי דער בוכטע, איז געשטאַנען אַן אלטע, איינגעהויקערטע הייזקע און נעבן דער הייזקע א פאַרקאָפּטשעטע קוזניע. דאָרטן האָט געלעבט דוד דער שמיד. א הויכער, דאַרער ייד מיט א גרויער באָרד, מיט א פאַרשמאַלצענעם קאַסקעט און א גלאַנציקן ברילִיק אויפן שטערן, און א פאַרסאַדזעטן זאַק אַריבערגעוואָרפן די לענדן, צוזאַמען מיט זיין „אשת חיל" פּעשע, א פּיצל־יידענע, קייַלעכדיק ווי א ביר־פעסעלע.ביידע אַלטע לייט זענען געווען זייער גאַסטפריינטלעך צו יונגע־לייט און שטאַרק הנאה געהאַט פון אונזער געזעלשאַפט און מיר, יוגנטלעכע, האָבן טאַקע אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך גערן צוגעהערט צו דעם שמידס וויצן און גוזמאות.

איין מאָל האָט ער אונז דערציילט, ווי אזוי דער צאַר ניקאָלאַי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אים אין מיטן נאַכט מיט זיין גאַנצער סוויטע, אָפּשמידן די קעניגלעכע סוסים און ביי דער געלעגנהייט זיך אָפּגעטובלט אין דער בוכטע.

— „אָט זעט איר, — האָט דער קייסער שטאַרק צופרידן א זאָג געטאָן צו זיינע באַגלייטער, — אָט אַזאַ שמיד וואָלטן מיר געדאַרפט האָבן אין אונזער קייסערלעכן הויף" — און דוד האָט א קרעכץ געטאָן: „וואָס? איך וועל פאַרלאָזן מיין שטעטל האַראַדאָק מיט דעם וויגאַן, מיטן קרעניצע־וואַסער, מיט דער בוכטע און די ברייטע פעלדער מיט זשניווע. ניט דערלעבן וועט ער עס, ניקאָלאַיקע דער שיכור!"

און נאָך א מעשה האָט דערציילט דוד דער שמיד, פון א העכט פּופּצן מעטער די לענג, וועלכן ער האָט געפּאַקט מיט די לויזע הענט, ערב שבת בשעת דער טבילה אין דער בוכטע. — „נו שטעלט אייך פאָר, סאַראַ פיש האָט אונז דער אויבער־

שטער צוגעשיקט אויף שבת אַי—אַי—אַי האָט עס מיין פּעשל אָנגעקגעהאָרעוועט ביי אים און וויפל שכנים און אורחים פון וויגאַן האָבן אים געגעסן און געלעקט די פינגער! און איצטער יונגע לייט וועל איך אייך דערציילן א מעשה שהיה ניט מיט קיין העכט, נאָר מיט סטינקעס, וועלכע איך בין אַרויס פאַנגען צוזאַמען מיט מיין פּעשען, אינצווישן זע איך, אויס פּעשע, זי איז מיר נעלם געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין. נאָר ווער האָט זי דאַמאָלט צייט געהאַט צו זוכן, אַז די סטינקעס זענען מיר באַפאַלן אין די מיליאָנען און ווען ניט איך זיי, וואָלטן זיי מיך געכאַפּט. ערשט ווען איך האָב שוין געהאַט פולע דייזשקעס, באַליעס און מולטערס מיט סטינקעס, בין איך אַוועקגעלאָפן נאָך מיין אשת־חיל און טרעפט אַוווּ איך האָב זי געפונען די פּריצהטע מיינע? זי איז זיך געלעגן אין דער ברייט פונעם בעט, איינגעשלאָפן ווי אַן הינדעלע, פאַרטאָן אין זיסע חלומות. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט איז זי אַרויס מיט א מענה־לשון: „ווער דאַרף דיך האָבן מיט דיינע סטינקעס". שלים־מזל, האָסט ניט געקענט ברענגען אויף שבת א העכט, א שלאַיען אָדער א יעזש?!"

— „נאַרעלע, — האָב איך איר אָפּגעענטפערט — וואָס האָסטו געוואָלט, אַז איך זאָל דיר אפשר ברענגען דעם לויתן. משיח שטייט נאָך איין מהלך פון דריי וואָכן הינטער האַראַדאָק"— — —

נאָך היינט צו טאָג דערציילן די האַראַדאָקער צווישן זיך די וויצן און מערקווירדיקע גוזמאות פון דוד שמיד און פון א סך אַנדערע פּשוטע פאָלקס־מענטשן, אַלטגעזעסענע תושבים פון אונזער שטעטעלע.

# א חתונה אין שטעטל

פון משה סימיון (שמן) (ישראל)

לאַנגזאַם פאַרגייט די זון און דער הימל באַפּוצט זיך אין פּורפּור־רויטע פאַרהאַנגען. פון די פעלדער קומען אָן די סטאַדעס קי אויף נאַכטלעגער. אין דער לופטן שוועבט א ריח פון פאַרנעם מילך. א רויטע קו, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן מיט דער סטאַדע, האָט פּלוצלינג פאַרקערעווט אויף לינקס, גלייך אין שטאַל אַריין. עס נעמט איר אויף פּעשקע אַליינִיקס. זי באַטראַכט די קו פון אַלע זייטן און מיט א צעפרידענע מינע טאַפּט זי אָן איר פולן אייטער מיט מילך. פּעשקע באַפעלט:

— דוד, נעם דעם קליינעם בענקעלע מיטן עמער און מעלק אויס די בהמה. נאָר זע למען־השם, אַז קיין טראָפּן מילך זאָל ניט פאַרבלייבן אינעם אייטער.

דוד נעמט זיך באַלד געהאָרכזאַם און פלייסיק, אויסצופירן דער מאַמעס באַפעל.

פאַר פּעשקען איז דוד פאַרבליבן דער זעלבער דוד, וואָס אין דער קינדהייט. דער אַריבער פערציק־יאָריקער בחור האָט

אויסגעמיטן די געזעלשאַפט פון מיידלעך, ער האָט זיך ניט געחברט מיט די שטעטלשע בחורים און געבליבן ביי דער מאַמעס פאַרטוך. אין די שיינע זומער־פאַרנאַכטן, ווען פאַרליבטע פּאָרלעך פלעגן שפּאַצירן הינטערן שטעטל און זיך אויסזעצן אויף די בענק ביי די לעצטע הייזלעך און זיך צוגעהערט צום הילכיקן קאָנצערט פון די קוואַקענדיקע זשאַבעס אויף די פייכטע לאָנקעס, וואָס באָדן זיך אין דער נאַכטיקער ראָסע — פלעגט דוד ליגן אויף דער „לעזשאַנקע" און מיט דער נאָז אויספייפן לאַנגע סערענאַדעס. און ווי נאָר עס פלעגט זיך באַווייזן דער מאָרגנשטערן אינעם בלאַסן הימל און די שטילע נאַכט האָט נאָך געדרעמלט אויף די פעלדער, פלעגט דוד אויפשטיין פון זיין געלעגער צו זיין שווערן אַרבעטס־טאָג און צוגרייטן די קעסלען און דעם פּרעס צום קוועטשן בוימל. ווען די פּויערים פלעגן שפּעטער פאַרפאָרן אין זיין הויף, פלעגט זיי דוד פריינטלעך אויפנעמען און זיי ערלעך באַהאַנדלען, ווי עס פּאַסט פאַר חשובע קונים.

און טראָץ דעם וואָס ער האָט געאַרבעט זייער שווער, האָט מען אויף זיין פּנים קיינמאָל ניט באַמערקט קיין מידקייט.

יעדן פרייטיק פלעגט ער אויפמערקזאם באַטראַכטן דעם ערוב פון ביידע זייטן גאַס נעבן זיין שטוב, צי עס איז גאַנץ דער דראָט און דערנאָכדעם זיך אַ נעם טאָן צום קבלת שבת. פעשקע פלעגט אויפזידן אַ פולע שיסל מיט קאָכיקן וואַסער און אים אויסצוואַגן די קאָפּ, ווי אין די אַמאָליקע יינגלשע צייטן. דערנאָכדעם אים אונטערטראָגן די אויסגעפּוצטע שטיוול און אוועקשיקן אין בית־מדרש צו אַלע שיינע און פרומע יידן. שבת ביי דער תפילה, אַלע באַלעבאַטישע יונגעלייט גייען אָנגעטאָן אין טלתים, איין־און־איינציקער דוד דרייט זיך אַרום אין זיינע בחורשע מלבושים און אַלע קוקן אויף אים ווי אויף א טשודאַק. נאָר דוד מאַכט זיך ניט פון דעם קיין גרויסן צימעס און עס אַרט אים ווי דער פּאַראַיאַריקער שניי, ווייל דודן איז גוט אַזוי און ער זוכט ניט קיין בעסערן און שענערן לעבן.

אָבער אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט...

אין שכנות מיט פעשקעס שטוב האָט געוווינט ברכה די קרעמערקע. ווער אין הוראַדאָק האָט ניט געקענט ברכהן? איז ערגעץ וווּ פּאַרזעסן געוואָרן אַן אָרעם מיידל אָן נדן, איז מען געלאָפן צו ברכהן און זי האָט שוין געפונען פּאַר איר דעם פּאַסיקן זיווג. האָט עמעץ געהאַט אַ שווער געמיט, פלעגט ברכה געבן אַ גוטע עצה. ברכה האָט זיך אָנגעטאָן צו פעשקען, וועגן חתונה מאַכן דודן. און אַז ברכה האָט זיך עפּעס אַריינגענומען אין קאָפּ, מעג דוד יאָ וועלן חתונה האָבן אָדער ניט וועלן, ווער פרעגט אים דען? איז גערעדט און געטאָן. און אַלץ שאַ־שטיל און אָן אַ ויצעקן. אַפילו די נאָענטסטע שכנות האָבן ניט געהאַט דעם מינדסטן אָנונג, וואָס ס'האָט פּלוצלינג פּאַסירט מיט פעשקען? פאַרוואָס קאָלכט מען די ווענט אין איר שטוב און דוד שייערט די טעפּ און ווייסט די לעמפּ? די סטעזשקע אין הויף — אויס־געשאָטן מיט געלן זאַמד און ביי די ראַנדן אויסגעפלאַסטערט מיט ווייסע שטיינער. דער הויף פאַרגראַבליעוועט און צוגע־פּוצט... און איינמאָל אין אַ שטילן זומער־פאַרנאַכט איז גע־שריבן געוואָרן תנאים אין אַ מזלדיקער שעה.

די כלה האָט קיינער ניט געזען. ניט ווען זי איז אָנגעקומען און ניט ווען זי איז צוריקגעפאָרן. אַ בייז אויג דאַרף מען אויסמיידן, עמעץ זאָל חלילה קיין עין־הרע ניט געבן. דעם אמת געזאָגט, דאָס קליינע שטעטל האָט קוים פאַרדייט דאָס גרויסע געשעעניש. איר האָט שוין געהערט אַ מעשה? דוד, דער פאַרזעסענער, אַלטער בחור, גייט דאָך חתונה האָבן. נו, אויב שוין יאָ אַזוי און עס איז אמת, טאָ זאָל מען פּראַווען אַ חתונה פון חתונה־לאַנד, אַזאַ מין חתונה, וועלכע הוראַדאָק האָט שוין לאַנגע יאָרן ניט בייגעוווינט.

אַ קיילעכדיקע וואָך האָט מען געקאָכט און געבראָטן. ברכה די קרעמערקע איז געווען די גלאַוונע קאָכלעפל. זי האָט געפעפערט די פיש און געזאַלצן דאָס פלייש. היינט די געבעקס מיט די קוכנס, מיט די יויכן, פלאָדנס און קאָמפּאָטן, די זיסוואַרג און די איינגעמאַכטס. דער מעד און די ווייַנען — האָבן פאַרשמעקט הוראַדאָק אויף מיילן־ווייט, צערייצט דעם אַפּעטיט ביי די אַלטע און יונגע קוגל־פרעסער און אַלע האָבן זיך געשאַרפט די ציין און געגרייט צו דער אומגע־ווייַנלעכער חתונה.

אַרום פּילאַטאָווסקיס שטוב האָבן שוין פון גאַנץ פרי זיך אַרומגעדרייט אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן זיך פּאַרזי־כערט מיט אַ גוטן פּלאַץ, פון וועלכן מען וועט ווי געהעריק קענען אָבסערווירן די חופּה. שמואליק הקטן שטייט שוין נעבן דער טיר און איז מקבל פּנים די געסט, מיט אַ פריילעכן פּיזמון און אַלע אָנוועזנדע העלפן אים צו: „לאָמיר אַלע אין איינעם, אין איינעם, חתן־כלה מקבל פּנים זיין!" מען טרינקט לחיים און די פיס הייבן זיך אַליין צו אַ לוסטיקן טענצל. פאַרויס טאַנצט ברכה און נעבן איר, פעשקע אַלייניקס, צוזאַ־מען מיט יונגע ווייבלעך, עלטערע פרויען און אויסגעסאָכנעטע באָביצעס, וועלכע הויבן קוים די ביינערדיקע פיס.

דאָס טאַנצן זיי אַזוי דעם אַלטן הוראַדאָקער חתונה־טאַנץ און טאַנצנדיק, דערמאָנען זיי זיך יעדע איינע זייער אייגענע חתונה און דראָבנע טרערן קייקלען זיך אויף זייערע צעקנייטשטע, פאַרמאַטערטע באַקן.

און אָט שטייט ווידער שמואליק הקטן צוקאָפּנס פונעם יונגן פּאָר־פאָלק און ער זינגט זיי אָפּ זיין לעצטן געזעגענונגס־ליד: „דער לעצטער טאַנץ, אַוועק דער גלאַנץ" אאַ"וו, און די געסט צעגייען זיך ווי זאַלץ אין וואַסער, און דוד מיט זיין ווייבל בלייבן אויג אויף אויג...

עס איז אַדורך דער טומל, פאַרביי דער חתונה־געפילדער, אין פעשקעס שטוב איז צוגעקומען נאָך אַ מענטש אין דער פאַמיליע. דאָס יונגע ווייבל האָט זיך גענומען פּוצן די פענצטער און באַוואַסערן די בלומען אין די וואַזאַנעס. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אין פעשקעס שטוב רוט די שכינה.

די שכנות האָבן זיך נענטער צוגעקוקט צו פעשקעס שנור, טייל האָבן געזאָגט אויף איר, אַז זי איז אַ שטילע טויב. אַנדערע ווידער האָבן פרום פאַרשענירעוועט די בלויע ליפּן: „שוין אַ ביסל צו שטיל. ווער ווייסט זי דאַרטן? אַ שטילער וואַסער גראָבט דאָך אין דער טיף". אָבער עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן גאַרניט גערעדט, נאָר מיט אַלץ מער מבינות אָבסערווירט דעם פּנים און די פיגור פון דער יונגער פרוי. אויבנאויפיק האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז אַלץ איז כשורה ביי דעם יונגן פּאָר־פאָלק, נאָר די געניטע אויגן פון די פיל־געפּרוווטע יידענעס האָבן באַלד דער־שנאַפּט, אַז עפּעס איז דאָ ניט מיט אַלעמען...

און אָט שושקעט מען זיך שוין, כלומרשט מען רוימט איין אַ סוד אין אויער: „איר ט'שוין געזען אַזעלכעס? זייט איך לעב! וואָס טוט זיך עס מיט פעשקעס שנור?"

פאַרביי נאָך אַ פּאָר חדשים און דודס ווייבל עצה'ט זיך שטיל מיט אירע שכנות, זי וויינט און קלאָגט: „עס איז דען אַ לעבן פאַר אַ יונגער פרוי?"

אָבער וואָס קען מען עצהן אין אַזאַ פאַל? אַזאַ מאָן ווי דוד איז דאָך גאָטס אַ שטראָף, ניט דאָ געדאַכט, טפו, זאָל עס ווערן... און די ווייבער שפייען אויס מיט האַרץ און דרייען זיך אַוועק אָן אַ זייט. אַפילו די קלוגע ברכה ווייסט אויך ניט פון קיין עצה, אָדער אַ רעצעפּט צו אָט דער צרה־צרורה, וועלכע זי האָט אָנגעבראַכט מיט אירע אייגענע הענט.

און ווען עס האָבן זיך ביי איר אויסגעשעפּט אַלע דיפּלאָ־

מאַטישע גענג, האָט זי דאס פּאָרל אָנגענומען פאר די הענט און אוועקגעפירט צום הרב ציוני, וועלכער האָט געשמט אין הארדאק מיט זיין חכמה און פעאיקייט אויפצולעזן די פארפּלאָנטערטסטע קנופּן, און אַלעמען ארויספירן אויף אַ גלייכן וועג.

— חשובע פריינט, דערציילט וואס האָט אייך געבראכט צו מיר, — האָט ער זיי גאסטפריינטלעך אויפגענומען, שוין אַריבער צוויי יאר ווי איך האָב אייך געגעבן חופה וקידושין —

מיט א פאַרשטיקטן קול האָבןביידע צדדים אויסגעלאדן פארן רב זייערע אָנגעווייטיקטע געמיטער. הרב ציוני האָט א גלעט געטאָן זיין געדיכטע, געלבלעכע באָרד. א קוק געטאָן מיט די קלוגע אויגן אויף די ספרים, אקוראט ער וואלט זיך מיט זיי בּאראטן, געקנייטשט דעם שטערן, געטראכט און ענדלעך געקומען צום געהעריקן אויספיר:

— מיינע טייערע פריינט, — האָט ער גערעדט מיט א ווייכע, פאטערלעכע שטים, — מיין פליכט איז אייך איבערצייגן צו לעבן בשלום, נאָר ווען עס געלינגט מיר ניט, דאן קום איך אַנטקעגן דעם רוף פון איינעם פון די צדדים און פסקענען וועל איך, אַז ביידע צדדים זאָלן לעבן גליקלעך יעדער איינער פאר זיך...

די ידיעה וועגן דעם גט אין פעשקעס משפחה האָט ארומגעכאַפּט ווי א העלישער פייער גאנץ הארדאק, פון די „פיאסקעס” ביזן סוף פון דעם שטעטל. מען האָט דעם ענין צעלייגט אויף טעלערלעך און צעשרויפט אויף אלע ווינטיקעס און שרייפעלעך. ארייגעחקרנט און זיך אוועקגעיישובט אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן, ביים ווארעמען פּיעקעליק, ווען אינדרויסן האָט געשטורעמט א זאווייערוכע און אלע טעמעס און פלאטקעס האָבן זיך אויסגעשעפּט, האָט מען זיך אָבער און ווידעראַמאָל א נעם געטאָן צו ברכה דער קרעמערקעס מאָגערעביינדעלעך, וועלכע האָט געליטן א מיאוסן דורכפאל מיט איר ניט געראטענעם שידוך...

דער איינציקער, וועלכער האָט זיך ניט געמאכט קיין גרויסן ווען פון דעם גאנצן ענין און א סברה, אז עס האָט אים גאָר הנאה געטאָן פון דער צעשיידונג, איז געווען דוד אליניק, פעשקעס צוויי און פערציק יאריקער זון, וועלכער האָט ווייטער געאַרבעט ווי א פערד ביים קוועטשן בוימל אין זיין מאַמעס אלעארניע און דערנאָך אויסגערוט די מידע ביינער אויף דער „לעזשאַנקע”, קונציק כראפּענדיק מיט דער פארשטאָפּטער נאָז, און זיך צוגעהערט אין די שיינע אָוונטן צו דעם קאָנצערט פון די קוואקענדיקע זשאַבעס אויף די פייכטע לאָנקעס...

# זכרונות

מאת רחל וועקסלער (שאפירא) (ישראל)

הייתי בת עשר, כשפרצה מלחמת העולם הראשונה וכמובן, שלא הבנתי כראוי את משמעותה של הפורענות. ראיתי את כולם שרויים באבל כבד מחמת גיוסם של הגברים לצבא וחשבתי להומי, שהנה יחלפו ימים־מספר וכולם יחזרו הביתה בשלום. אבל השנים חלפו, המלחמה הארורה נמשכה בלי־סוף והמגוייסים לא שבו, פרט למתי־מספר, שחזרו שבורים ורצוצים מהחזיתות ומשבי הגרמנים.

## לפני הכיבוש הגרמני

אבי היה ברוסיה בעיר ויטבסק לרגלי עסקיו ואמי ז״ל נשארה לבדה עם הילדים ומאחר שכל בני עירנו ברחו, ארזנו את חפצינו וציפינו לבואו של אבא, שנשתהה בדרך, מכיוון שנעצר על־ידי החיילים הרוסיים, שחשדוהו בריגול לטובת הגרמנים. סוף־סוף הצליח אבי להתחמק מידיהם ולחזור הביתה.

אולם שמחתנו לא היתה מלאה כי טרם בואו, גייסו הרוסים את אחינו הבכור, הרשל, ושלחוהו למקום לא־נודע. אמי התייפחה מר, כי מה תעשה לבדה עם ששה ילדים קטנים? בכל זאת מצאה עוז בנפשה להרגיע את אבי שסבל מהעדרו של אחי. קשה לתאר את מצבנו, טרם בואם של הגרמנים לעיירתנו. אוירוניהם טירטרו בלי הרף מעל לראשינו והקוזקים השתוללו ברחובות, פגעו באנשים ועשו שמות בכל בית. לפתע השלך הס והקוזקים נמלטו על נפשם. נכנס שכן בצהלה — „מזל־טוב, יהודים, הגרמנים כבשו את העיירה!” אותה שעה התגוררנו בביתו של יהודי בשם הרשל קולודנר, המכונה: בלק. בחצרו המרווחת היו הרבה דירות ובכל אחת מהן — התגוררה משפחת עניים מטופלת בהרבה נפשות. הנשים בכו, הפעוטות צווחו והזקנים אמרו תהילים בקול רם. לפתע נפתחה הדלת והרשל אחינו הופיע מרופש ולבוש קרעים, פניו נפולים ועיניו טרוטות.

## הכיבוש הגרמני

— איך להתקיים ובמה לחיות? בעייה זאת העסיקה אותנו ביותר. קנינו סוס ועגלה והרשל התיישב על הדוכן והוביל סחורות לתחנה, עצים וכל מיני פרקמטיא. אבינו ניסה לסחור, אבל תנאי הכיבוש הגרמני לא איפשרו זאת. לפיכך נאלץ היה הרשל לפרנס בעבודתו שמונה נפשות. עזר וסעד לכולם, במיוחד לאמי, שנפלה על ערש־דווי. הוא היה לה בן מסור ועבד יומם ולילה בכדי לקנות רפואות יקרות ומזון מבריא, אבל ללא הועיל, כי ימיה לא ארכו ובשנת 1917 א׳ דניסן, הוציאה אמי את נשמתה הטהורה. הייתי בת שלש־עשרה והרגשתי בכל כובד האסון שפקד את משפחתנו: — איך נוכל להתקיים בלי אמנו היקרה? — היינו אובדי עצות, אולם הרשל ניחם אותנו — „כנראה, שכך נגזר מהשמים, הבה נתלכד מסביב לאבינו ונעזור לו להתגבר על אבדן אשת נעוריו!”

ואכן, הצליח הרשל במאמציו המרובים. טרח ויגע בעבודתו הקשה עד שחלה בטיפוס וכעבור זמן קצר, נפטר גם אחינו המסור והלך לעולמו. האסון הכפול, שפקד את משפחתנו תוך שנה אחת, זעזע אותנו עד היסוד. ביחוד, את

אבינו השכול, שחלה ונתעורר חשש, שגם הוא לא יאריך ימים. אבל ה' ריחמנו והחזירו לחיים.

שוב הפעם פגע המחסור במשפחה הגדולה, חיינו על לחם־צר ומים־לחץ, אבל קיבלנו הכל באהבה. כי אבינו חזר לאיתנו. איכשהוא, נתגברנו על כל המכשולים והתלאות.

## לאחר הכיבוש הגרמני

ובכל זאת, למרות כל הצרות שבאונו, החזקנו מעמד. לא לבשנו סחבות, אלא בגדים מטולאים, אבל נקיים. הילדים למדו בבתי־ספר ושקדו על לימודיהם. גם אני ביקרתי בבית־ספר עברי מיסודו של מאיר־מוטל אפשטיין, שהטיף לציונות ולעליה לארץ־ישראל. לאחר זמן הצטרפתי לארגון „החלוץ". יוסף אחי ואחותי פרומצ'ה נכנסו ל„שומר־הצעיר". ואם־כי היינו בשתי הסתדרויות־נוער והרבינו בוויכוחים על כל הבעיות, בכל זאת ביצענו פעולות במשותף, שהכנסתן היתה קודש לקרנות האירגוניות של שני הארגונים. חטבנו עצים, סיידנו את בית־המדרש, אפינו מצות אצל חומה־גיטל. אספנו תרומות ל„קרן־הקיימת" וכל זמננו היה קודש לתנועה הציונית.

אחי יוסף וחנן קלקה היו מראשוני ה„שומרים", שיצאו להכשרה מהורודוק. אבי סבל, אך בלית־ברירה קיבל עליו את הדין. ביתנו היה פתוח לכל תנועות הנוער ולכל נואם ומרצה עובר־אורח. אחי ניגן על מנדולינה, גיסי על כנור וביחד עם עוד יודעי־נגן, אירגננו תזמורת כלי־מיתר.

עברו־חלפו השנים ואני לא רציתי, גם לא יכולתי, להשאר בהורודוק, התכוננתי ליציאה להכשרה. לא עזרו הפצרותיו של אבי, וביום חורף קר אחד נסעתי עם חברתי, שרה קרינסקי, להכשרה.

ואם־כי תנאי החיים בהכשרה היו קשים למדי, שמחנו בחלקנו. כעבור 15 חדשים הגיעה שעתי לעלות ארצה. נפרדתי ממשפחתי היקרה ויצאתי לדרכי הרחוקה.

— בתי היקרה — מילמל אבי בהפרדו ממני — מה תעשי בארץ־ישראל? אם תצטרכי למשהו, תודיעי לנו. נשתדל לעזור לך, כמיטב יכולתנו —

בבואי ארצה, עשיתי הכל למען לא אזדקק לעזרת אבי, כי מצבו דחוק היה, אבל עמדתי אתו בקשר־מכתבים הדוק עד שנת 1941. מאז, נותק הקשר בידיהם הטמאות של המרצחים הגרמנים. כל משפחתי ניספתה בשואה ומכולם נשאר בחיים רק גיסי, יוסף אברמיצקי, שנמצא באמריקה.

יקירי! מי ינקום את דמכם השפוך?

אנצור בלבי את דמויותיכם הטהורות עד אחרון ימי!

יהא זכרונכם ברוך!

# מסע לעבר הקרוב

מאת **יצחק זהבי (גולדפרב)** (ישראל)

## מבוא

הורודוק, עיירת מולדתי הרחוקה, עיירה של חולין ועטורה הילת זוהר מילדות. — הנה בניך — שרידיך מציבים לך בזה ציון ומעלים זכרך וזכר קהילת יהודיך.

הורודוק מולדתי, בך הרתני וילדתני אמי, בך נשמתי אוויר־שדה ויער, ב„חדרך" למדתי ראשית תורה ודעת, בבית־מדושך ספגתי רוח ישראל סבא ומתוכך קמתי ועליתי לציון הנבנית.

מאז נושא אני בלבי דמות מראך, דמות הבתים הישנים, המטים לנפול, אשר ב„פיאסקעס" ועל ה„וויגאן" לחוף הנהר, ודמות בתי „המיוחסים" החדשים, שנבנו מאוחר יותר, דמות הגשר על דנהר, אשר בימי שלום שימש מקום המיפגשים והראיונות הרומנטיים של צעירי העיירה, ובימי חירום נשא על גבו שיירות של קלגסים זרים, כובשי העיירה ובוזזיה, אשר לא פעם שרפו אותה בנסיגתם והשאירוה מבותרת לשניים.

עוד חיים בזכרוני רחובך הארוך וסימטותיך הזעירות, בהם גרו יהודיך היקרים, פשוטי־העם העמלים והישרים.

אזכור שכונת בתי־החרושת לאריגים, אשר שיוותה לך, פני עיירת־עבודה, שוקקת חיים ועמל. אזכור ארבעת בית־מדרשיך, שהמו מתפללים ולומדי תורה בכל ימות השבוע, ואת בית־הכנסת הישן, שלא נתמזל מזלו ולא ריכז „מנין" לתפילה בציבור, אלא בשבתות וימים־טובים בלבד.

בבואי לפקוד את זכר עירנו, עולים על לבי שלשה מאורעות, המציינים שלש תקופות אופייניות בהתפתחותה, והם: תקופת מלחמת העולם הראשונה וימי הכיבש הגרמני; יציאת הגרמנים ותקומת פולין; תקופת השנים 1924—1926 זמן שיגשוגן של תנועות הנוער וקדחת העלייה לארץ.

## א. שנות הכיבוש

בשנת 1915, שנה לאחר פרוץ מלחמת העולם הראשונה, סמוך ל„ימים הנוראים", הגיעה השמועה, כי הרוסים נסוגים והגרמנים מתקרבים לאיזור. בהלה תקפה את תושבי העיירה, כיהודים כנוצרים, באשר השמועה אמרה שהקוזקים, אחוזי חימה על מפלתם בחזית, מכלים חמתם ביהודים חסרי המגן.

האיכרים „הרוסים הלבנים", אשר אימת ה„ניעמעץ" הכובש הזר נפלה עליהם, הניחו בתיהם ורכושם וברחו עם הרוסים הנסוגים. היהודים, לעומת זאת, השתדלו בכל מיני דרכים להשתמט מפגישה עם הקוזקים ולעומת זאת השתדלו להתקרב אל „הגואל" הגרמני, אשר כבר הגיע עד לשערי ביאליסטוק.

וכך נדדנו לילה ויום, בדרכיהם הצדדיות של היערות בואכה ביאליסטוק, בעוד מסביבנו עולים הכפרים והעיירות בלהבות, שהועלו בידי „מגינינו" הקוזקים, ולפנינו לשונות־האש, העולות לשמים מבנין תחנת החשמל של ביאליסטוק, שהופצצה על ידי הגרמנים.

לאחר־מכן, בעבור ימי ההפתעה הראשונים, עם השלמת הכיבוש הגרמני, חזרו ונתכנסו יהודי הורודוק ממקומות מנוסתם ומחבואיהם, ובוקר אחד גילו לתמהונם, כי איכרי הסביבה, רובם ככולם, עקרו מבתיהם והלכו עם הצבא הרוסי

הנסוג, ושדותיהם עמוסי היבול נשארו הפקר.

היתה זו תקופת האסיף, ויהודי העיירה שנשארו ללא מקורות מחיה, פשטו עם בני משפחותיהם על השדות הנטושים ואספו את יבול האדמה: תפוחי־אדמה, קטניות, ירקות ופרות, ועד אשר הספיקו הגרמנים להחרים את היבולים הנטושים, כבר היו מחסני בני הורודוק מלאים טוב־האדמה, להחיות נפשם ונפש בני־ביתם בימים הקשים שנכונו להם.

בעלי יוזמה אף הזדרזו לחרוש שטחים נרחבים ולזרוע תבואות־חורף, וכן עשו רבים מבני העיירה משך כל שנות הכיבוש הגרמני, ועיירת־החרושת הפכה בן־יום לעיירה חקלאית.

שלש שנות הכיבוש הגרמני היו שנות סבל ורעב למרבית אוכלוסייתה של העיירה, כיוון שבתי־החרושת שותקו, המסחר הוגבל, ומי שלא היה מסוגל להיות חקלאי, נידון לחרפת רעב.

בלית ברירה, התמסר חלק מבני העיירה ל„שמוגל" — הברחת צרכי מזון מן הכפרים ומן דעיירות הסמוכות, שמזלן שיחק להן יותר. קבוצות־קבוצות היו יוצאים עם ערב לכפרים, ולאחר יומיים־שלושה, היו חוזרים בסתר־לילה, כשצרורות צרכי מזון והלבשה עמוסים על כתפיהם לעייפה.

בהיותם נתונים לסכנה מתמדת של מאסר על ידי הגרמנים, שגזרו על ה„שמוגל" בעונשים חמורים, פיתחו קבוצות אלו חיי־צוות והווי מיוחד, וכן המציאו תחבולות למיניהן, כדי להערים על השוטרים הגרמנים. בתקופה קשה זאת התרכזו כל מעייניהם של יהודי העיירה בהשגת „טרף" לביתם, ועוד זכור לי פיזמון, שנתחבר בימים ההם וביטא את הלך־הרוח באיזור ההוא:

תנו רבנן. אוי עס איז ביטער ?
אווו נעמט מען יענע יארן?
אין קעשענע איז שיטער
אַלץ געפטרט, אַלץ פארלאָרן.

יידן־גבירים זענען געווארן קבצנים
ליידן הונגער, ליידן נויט.
אויסגעגאנגען די מזומנים
און מען שטאַרבט פאר א שטיקל ברויט.

אַלטע צייטן לאנג פארגעסן
נייע צייטן, נייע קלאָגן
ווער האָט אַמאָל גערעדט פון עסן
און היינט בוקט מען זיך צום מאָגן".

וכן עוד בתים מספר. את הפיזמון היו שרים בניגון של „מאי קא משמע לן"...

## ב. עזרת אחים

עירתנו לא הצטיינה מעולם בשפע ורווחה, אולם תמונה עגומה במיוחד נשתמרה בזכרוני משנת 1918 — שנת יציאתם של הגרמנים והכרזתה של מדינת פולין.

הארץ נוצלה ע"י הגרמנים הכובשים. היערות בוראו ועציהם נשלחו לגרמניה, וכן נשלח חלק גדול מיבולי השדות שהוחרמו, כביכול, לצרכי הצבא. חיי הכלכלה היו משותקים, ארובות בתי־החרושת לא העלו עשן מזה כמה שנים, ויהודי העיירה נשארו מחוסרי פרנסה.

או־אז הופיע הגואל בדמות ה„דוד" שמעבר לים. יהדות אמריקה התעוררה ויסדה ג. ד. ק. (ג'וינט דיסטריביושן קומיטי) שנודע מאז בשמו המקוצר ג'וינט. שליחי ג. ד. ק. הגיעו לכל עיר ועיירה נידחת ועמם מכוניות עמוסות קמח, סוכר, עוגות, אורז ובגדים. כשהגיע שליח הג'וינט להורודוק, כונסה אסיפה בבית הרב, ונבחרה ועדה לחלוקת המזון וההלבשה. אבי ז"ל, שמונה לבא־כוחו של הג'וינט בעיר, התנדב לבצע את החלוקה וגם מסר לתכלית זו חדר מחדרי ביתנו, ששימש כמחסן ועמד תחת פיקוחה של הוועדה הנ"ל.

הייתי אז ילד כבן 12 וסייעתי בידי אבי בעריכת הרשימה השמית של כל יהודי העיירה. שלש מאות ששים וחמש משפחות במספר כמניין ימות החמה, היו אז בעיירה, ורובם ככולם היו „נצרכים". מלאכת החלוקה היתה קשה ועדינה, אך אני ועוזרינו עשינו בה כבמלאכת־קודש. ימים ולילות שבועות וירחים המשכנו בשקילה וחלוקה, עד אשר החלו החיים חוזרים למסלולם ואיש־איש חזר לעיסקו או מצא לו עיסוק חדש.

זכר הימים הקשים האלה לא מש מלבי משך כל תהפוכות־החיים שעברו עלי מאז, ונחקקו בלבי כאות ומופת לשרשיות קיום עמנו, והערבות ההדדית הקיימת בין כל חלקיו להבטחת קיומו הפיסי והרוחני.

## ג. פריחה חברתית

אולם גולת הכותרת של זכרונותי, הלא היא תקופת הפריחה והשיגשוג של הנוער בהורודוק.



בראשית שנות השלושים הגיעה רשת בתי־הספר של „תרבות" גם אלינו, וילדי העיירה, אשר עד אז התחנכו ב„חדרים" או לכל היותר בחדרים מתוקנים, זכו כעת להשכלה עממית יסודית וחינוך לאומי בסיסי מפי מורים מסורים ונאמנים, אשר הקדישו לכך ממיטב זמנם ומרצם, ובזכות זו גדל וקם, תוך שנים מעטות, נוער ער ותוסס, אשר שימש עהודה נאמנה למפלגות הציוניות בפעולתן הציבורית. גולת הכותרת לפעולה ברוכה זו היה ייסוד קן „השומר צעיר" בשנת 1924, ע"י כותב שורות אלו, בעזרת מדריכים מביאליסטוק.

הרקע החינוכי של ילדי בית־הספר העברי והצמאון לפעולה של נוער העיירה, אשר דבקה בו הפעילות ציבורית הכללית ברחוב היהודי בפולין, שימשו סדן מצוין ליצירת הסתדרות „שומרית" תוססת בעיירה, והיא שסחבה במרוצת הזמן, אחרים, אף מבין בוגרי בית־הספר של ציש"א (בשפת יידיש) שחונכו על ברכי תנועת דנוער של „בונד". עד מהרה

נאָך 4 יאָר אַקטיוון מיליטער־דינסט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי אויף אַ סך פראָנט־אַפּשניטן, האָב איך מיך דער־פילט ווי אין ערשטן טאָג פון קריגס־אויסברוך; גרייט צו קעמפן, ביז צום ענדגילטיקן נצחון איבער דעם באַרבאַרישן שונא.

דעם 19.1.45 האָט די פוילישע פאָלקס־אַרמיי באַפרייט די גרעסטע פוילישע אינדוסטריע־שטאָט, לאָדזש, און אָפּגע־ראַטעוועט 800 יידן, פאַר וועלכע די היטלעריסטן האָבן צוגע־גרייט א ברודער־קבר אויפן יידישן בית־עולם. אין דער אַפּעראַטיווער גרופּע, צווישן די 33 אָפיצערן האָט זיך געפונען אויך איין האַראַדאָקער ייד, דער שרייבער פון אָט־די שורות. ווען איך האָב מיך דערוווסט, אַז אין געטאָ געפינען זיך לעבעדיקע יידן, בין איך שנעל אהינגעפאָרן און אויפגע־בראַכן דעם שווערן טויער.

די באַפרייטע יידן האָבן ניט געוואָלט גלויבן, אַז איך בין א ייד. זיי האָבן געוויינט און געלאַכט פאַר פרייד.

דאָס איז געווען דער צווייטער טויער, וועלכן איך האָב געעפנט. דער ערשטער איז געווען אינעם פויליש־פאַשיס־טישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, קאַרטוז־בערעזע, אין יאָר 1939.

מען האָט ניט געטאָרט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און עס איז מיר געלונגען צו כאַפּן די געוועזענע האַראַדאָקער זשאַנ־דאַרמען. צווישן זיי, דעם קאָמענדאַנט זשאַנקאָוו, פּאַנטעראַ און אַנדערע אַקטיווע מיטאַרבעטער פון דער געסטאַפּאָ. זייערע קעפּ האָב איך געבראַכט צו דער תליה.

דעם 1־טן מאַי 1945 יאָר בין איך געווען אין בערלין און געשטאַנען אויף די חורבות פון דעם רייכסטאַג. אויף זיין דאַך האָט געפלאַטערט די רויטע פאָן.

אַ מנהג ביי יעדן פאָלק, יעדן יאָר אָנצינדן אַ יאָרצייט־ליכט צום אָנדענק פון אַ געשטאָרבענעם פריינט אויפן קבר.

ליידער ווייסן מיר ניט ווו געפינען זיך די קברים פון די 6 מיליאָן אומגעקומענע יידן, מען זאָל קענען אויף זייערע קברים אָנצינדן אַ יאָרצייט־ליכט.

מיר די לעבנגעבליבענע, דאַרפן אָנצינדן אַ מעכטיקן שייטער אין אונזערע הערצער, וואָס זאָל לייכטן ווי אַ נר־תמיד און ניט לאָזן פאַרגעסן אין דער שרעקלעכער סכנה פון ראַסן־האַס, פאַשיזם און מלחמה, וואָס באַדראָען דעם קיום פון אונזער פאָלק.

דאָס איז די צוואה פון אונזערע קדושים וטהורים.

# חורבן הורודוק

## רשום מפי לאה׳טשע צבעי-גרוזביין, בתם של טעוול וטויבה

ב־1939 נכבשה הורודוק ע״י הגרמנים, אולם מיד לאחר־מכן נכנס הצבא האדום, אשר שהה בעיירה עד שנת 1941. כדאי לציין, כי הסובייטים נתקבלו ע״י האוכלוסיה בעין יפה. מיד עם כניסתם הם הלאימו את בתי־החרושת והעבודה התנהלה כסידרה. רבים מהנוער היהודי עבדנו במשרדים שונים וכמו־כן הועסקנו בתעשיית־הטכסטיל, אולם לאחר שחזרו הגרמנים הפך מצבם של היהודים איום.

הנאצים הקימו יודנראט מאנשים הבאים: זבינוביץ, שהיה מורה לעברית וציוני, נקבע כיושב ראש; משה (מש׳לה) נובובולסקי, ביתרי לשעבר; אברהם ממל־גולדברג, יהודי אדוק; פיינזילברג (משה׳קה קוליעש); אברהם רצ׳יצקי (פיקסל), בנו של ממי קוליעש, ואחרים. מיד עם קביעתו של היודנראט פתחו הגרמנים בפעולות נגד היהודים. תחילה ציוו לספק להם רהיטים, אחרי־כן לקחו את הנערות היהודיות לשמש להם משרתות בקסרקטינים, ולאחר־מכן גייסו ילדים בגיל 12—13 ככוח־עבודה לסלילת כביש ביאליסטוק־וולקוביסק. כביש זה הושקה בדמם ודמעותיהם של הילדים ורוצף בעצמותיהם. רבים נשלחו לעבוד בבורות־הכבול או לטאטא דרכים עסומות־שלג. משסיימו לשדוד את הבתים, הטילו הנאצים מס־עונשין על הקהילה: קילוגרם זהב, עשרה קילוגרם כסף, פרוות וכו׳. היודנראט הכריז בבית־המדרש על שעת־חרום, ו„כופר־נפש״ זה נמסר במלואו לידי הגרמנים.

מהאוכלוסיה הנוצרית שיתפו־פעולה עם המשטרה הגרמנית — שערעמטי, ביאלורוסי צעיר, ומשפחות קארגל ודומייראצקי מהחושבים הפולנים. הם הסגירו הרבה יהודים. כומר פראבוסלאבי הפך לראש העיר. הוא סיפק לגרמנים נערות יהודיות יפות לשם בילוי במסבאותיהם. סייע בידו סידורנקו, הפקיד הנודע מ„טארטאק וואליל״. כמו־כן הסגירו לגרמנים את כל הקומוניסטים ואת פקידי האדמיניסטרציה הסובייטית, ביניהם טשיזשיצקי ונוח קרעמער. את משה מלמד, בנו של הקברן, הם כלאו ואחר־כך הוציאוהו להורג בחורשתו של הכומר הנוצרי. הם הרגו גם את כל הנכים ובעלי המום, ביניהם את משפחת מיישטע עם קיילע־רחל ובנותיהם, ה„בודז׳יבאבע״, שמואליק הקטן (שמידט) — כותב־המכתבים והבדחן, תושב ה„פיאסקעס״ — אותו על אשתו וילדיו, את נכדו של פיקס׳ל, את דבורה „הראש הגדול״ ועזרא־קאליקע (הבעל מום) ואחיו.

שלושה חודשים לפני ההשמדה דחקו את כל היהודים לרחוב החרושת (די פאבּרישטנע גאס) והקימו גיטו. בראשון לנובמבר 1942 הם הובילו את כל היהודים לביאליסטוק וכלאום בקסרקטינים של גדוד הפרשים העשירי. יומיים לפני־כן, הודיעו הגרמנים לכל איכרי הסביבה, כי עליהם לספק סוסים ועגלות. קמה מהומה והיודנראט פנה לעזרת הפופ, שהבטיח ליהודים, שהעגלות הוכנו להובלת מספוא. אולם בראשון לנובמבר נצטוו היהודים להשאיר את הכל ולעלות על העגלות, כדי לנסוע לעבודה. הושיבו ארבעה אנשים בכל עגלה, לקחו את החבילות והסיעו את כולם לביאליסטוק.

לפני צאתנו מהורודוק ניסה שמחה רודי עם בנו הקטן להימלט מהעגלה, אולם הם נתפסו ונורו בו במקום, ושכנם הנוצרי איגנטקה, קברם בתוך חצרו. את אהרונציק הגדול, בנו של יוסף שמואלביץ, רצחו במפקדה. דבר דומה קרה לחיים

גורסקי (לאזשענערקעס). פאני ונעמי שולקלאפער, בנותיו של הרוקח, הצליחו לברוח לוורשה וכל שנות הכיבוש התגוררו שם כפולניות.

מדי־יום נשלחו יהודים בתוך קרונות חתומים לכיוון בלתי־ידוע. יהודי מיכלובה והורודוק היו בין האחרונים למשלוח, נכלאו בתוך צריפי עץ ושם ציפו לגורלם המר. מתוך כל אסירי המחנה, הצליחו רק מתי־מספר להסתנן לגיטו־ביאליסטוק: ד״ר צוקרמן ומשפחתו, משה׳קה קוליעש, פיינזילברג ובנו, יוסף אברמיצקי, משפחת קבינטמן, גוטה ולאה׳צ׳ה גרוסביין. אולם גם מהם נשארו רק יחידי־סגולה בחיים.

לאחר חיסול גיטו־ביאליסטוק הוציאום הגרמנים מתוך בונקר עם עוד 12 נפשות וכלאום בתוך בית־הסוהר העירוני, ולאחר־מכן שולחו למחנה שטוטהוף ולאושביץ.

בשנת 1945 פסעו שתי האחיות „במצעד המוות״ לגרמניה וב־25 באפריל שוחררו על־ידי הצבא הסובייטי בדרזדן שע״י האלבה. כשאגרו כוחות (משקלה של לאה׳צ׳ה היה 38 ק״ג) הן חזרו לביאליסטוק ונתקבלו בסבר־פנים יפות ע״י הוועד היהודי, שמסר להם על חיסולם המוחלט של יהודי הורודוק. לאחר ביקור חטוף שערכו בהורודוק החרבה, שלא נותרה בה נפש חיה, חזרו שוב לביאליסטוק.

מפי התושבים הנוצרים של הורודוק נודע להן, שלפני „האקציה״ הראשונה של גיטו־ביאליסטוק, חזר ד״ר צוקרמן עם אשתו ובתו סוניה להורודוק וביקש מקלט אצל רכב כרכרתו לשעבר, אלא שהלה מסר אותם לגיסטפו, שהובילה אותם לבית־הקברות היהודי והמיתתם שם בירייה. יריות אלו היו צליל־מוות אחרון לטרגדיה האיומה של יהודי הורודוק.

# דער אומקום פון האראדאק

## דערציילט פון לאה׳טשע צבעי-גרוזביין, די טאכטער פון טעוול און טויבע גרוזביין

אין 1939 יאר איז האראדאק פארנומען געווארן פון די דייטשן, אבער באלד זענען אריין די סאָוויעטן און פארבליבן אין שטעטל ביז 1941 יאר.

כדאי צו באמערקן, אז די סאָוויעטישע מאכט איז זייער ווארים אויפגענומען געווארן פון דער באפעלקערונג. זיי האבן נאציאנאליזירט די פאבריקן און די ארבעט איז אנגעגאנגען נארמאל. א סך יידישע יונגעלייט האבן געארבעט אין די פארשיידענע ביוראס און אויך אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. אבער נאכן צוריקקער פון די דייטשן האט זיך די לאגע פון די יידן פארערגערט קאטאסטראפאל. די נאציס האבן געשאפן א יודנראט פון פאלגנדע פערזאנען: זבינאוויטש, א לערער פון העברעאיש, א ציוניסט, איז געווארן באשטימט אלס קאָמענדאנט; משה׳ל נאוואוואלסקי, א געוועזענער ביהריסט; אברהם־מעמל גאָלדבערג, א פרומער ייד; פיינזילבערג, משה׳קע (קוליעש); רעטשיצקי אברהם (פיקסל) און אנדערע.

די דייטשן האבן באלד אנגעפאנגען זייער טעטיקייט קעגן די יידן. צוערשט האבן זיי באפוילן דעם יודנראט, זיי צושטעלן מעבל. דערנאכדעם, יידישע מיידלעך אלס דינסטן אין די קאזארמעס. שפעטער, ארבעט־קראפט צום שאסיי ביאליסטאָק־וואלקאוויסק. דורכאויס קינדער פון 12—13 יאר אלט, וועלכע האבן דעם שאסיי באגאסן מיט בלוט און טרערן און אים אויסגעפלאסטערט מיט זייערע ביינער. זיי האבן אויך געשיקט צו דער ארבעט אין די טארף־גרובן און אויך צו קערן דעם שניי פון די וועגן. ווען זיי האבן אלץ צוגערויבט פון די שטובן, האבן זיי ארויפגעלייגט א קאנטריבוציע אויף די יידן: איין קילא גאלד, 10 קילאָ זילבער, פעלצן און פוטערס. דער יודנראט האט אין בית־מדרש פראקלאמירט א חרם און צוגעשטעלט די דייטשן דעם אפצאל.

פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג האט מיטגעארבעט מיט דער דייטשער פאליציי שערעמיעטא, א יונגער ביאלארוס און פון די פאליאקן, די פאמיליע קארגעל און דאמיעראצקי. זיי האָבן אויסגעגעבן אַ סך יידן, אַ פראוואס־לאוונער פאָפּ איז געווארן בירגערמייסטער. ער האט צוגעשטעלט די דייטשן די שענסטע יידישע מיידלעך פון האראדאק צו זייערע פארוויילונגען. עס האט מיט אים מיטגעארבעט סידארענקא, א געוועזענער שרייבער פון דעם טארטאק וואליל. זיי האבן אויך אויסגעגעבן די דייטשן, אלע געוועזענע קאמוניסטן און אנגעשטעלטע ביי דער סאָוויעטישער מאכט. צווישן זיי, טשיזשיצקי, נוח קרעמער א״א. משה מלמד, דעם באגרעבערס, האבן זיי א לאנגע צייט געהאלטן פארשפארט אין דער יידישער גמינע און שפעטער געשאסן אין גלחס וועלדל. זיי האבן אויך אויסגעשאסן אלע אינוואלידן און קריפלען. צווישן אנדערע: די משפחה מיישטע מיט קיילע־רחלען און אויך זייער טאכטער, די בודזשיבאָבע. שמואליק הקטן (שמידט), א בריוו־שרייבער און א בדחן, א רושב פון די פיאסקעס — געשאסן מיט ווייב און קינדער. אויך פיקלסלס א אייניקל, דבורה די גרויסע קאפ, אויך עזרא־קאליקע מיט זיין ברודער.

פארן ליקווידירן האראדאק האבן די דייטשן געפאדערט פון דעם יודנראט, זיי צושטעלן צו וויינאכט, לעבעדיקע בלומען אינמיטן ווינטער. און ווען זיי האבן די בלומען ניט באקומען, האבן די דייטשן ארויסגעפאדערט דעם יודנראט, געפייניקט, געשלאגן און צום סוף דערהרגעט דעם ראש פון יודנראט, זבינאוויטש. דאס אלץ האט פאסירט אין פארלויף פון 1941—1942 יאר.

דריי מאנאטן פאר דער ליקווידאציע פון האראדאק האבן די דייטשן צונויפגעקליבן אלע יידן אויף פאבריטשנע גאס און געשאפן א געטא. דעם ערשטן נאוועמבער 1942 יאר האט מען ארויסגעפירט אלע יידן, קיין ביאליסטאָק אין די קאזארמעס פון דעם צענטן פאלק אולאנער. צוויי טעג פאר דעם, האבן זיי באפוילן אלע פויערים פון די ארומיקע דערפער צוצושטעלן פערד און וואגנס. עס איז געווארן א מהומה און דער יודנראט האט זיך געווענדט נאך הילף צום פאָפּ, וועלכער דאט פארזיכערט די יידן, אז די וואגנס זיינען צו פירן היי.

דעם ערשטן נאוועמבער האט מען געהייסן אלץ איבערלאזן, אויפשטייגן אויף די וואגנס און ארויספארן אויף ארבעט. אריינגעזעצט צו פיר אין א וואגן, צוגענומען די פעקלעך און אלעמען אוועקגעפירט קיין ביאליסטאק, דארט האט מען זיך געטראפן מיט די יידן פון וואשלייקאווע, סופראסלע, יאלאווקע, מיכאלאווע, זאבלודאווע, נארווע און פון נאך שטעטלעך און יישובים. פאַרן אַרויספאָרן פון האַראַדאָק האָט שמחה רודי,



דער אויפגעגראבענער קבר פון שמחה און זיין זון מאָטל רודי אין 1945

מיטן 7־יאָריקן יינגל פרובירט אנטלויפן, האָט מען אים געשאָסן אין זיין הויף און איגנאטקע, זיין שכן — דער קריסט, האט זיי באגראבן. יאסל שמולעוויטשעס זון, אראנטשיק דעם גרויסן האט מען געבראכט אין קאמענדאנטור און געשאסן. דעם זעלבן סוף האט אויך געהאט חיים גורסקי (לאזשאנערקעס). פון וועג זיינען אנטלאפן פאני און נעמי שולקלאפער, דעם אפטייקערס טעכטער, און איבערגעלעבט די אקופאציע אין ווארשע אויף אַרישע פּאַפּירן.

יעדן טאג האט מען ארויסגעשיקט פולגעפאקטע וואגאנען מיט יידן אין א אומבאקאנטער ריכטונג. צווישן די לעצטע וואס זענען נאך ניט ארויסגעשיקט געווארן זענען איבערגעבליבן די יידן פון האראדאק און מיכאלאווע, וועלכע די דייטשן האבן געהאלטן פארשפארט אין איין באראק. איינצלנע מענטשן און עטלעכע משפחות איז געלונגען זיך אריבערצוכאפן אין ביאליסטאקער געטא: ד״ר צוקערמאן מיט זיין פאמיליע, משה׳קע קוליעש, פיינזילבערג מיטן זון, משה׳ל נאוואוואלסקי, אייזיק לעוו, מערע דעם רב׳ס ציוני, פרידל בראטמאַכער, משפחה זבינאָוויטש, יוסף אבראמיצקי, קווינטמאנס משפחה, גוטע און לאה׳טשע גראסביין. פון זיי אלעמען זענען איבערגעבליבן, געציילטע ביים לעבן. ביידע שוועסטער גרוזביין האָבן איבערגעלעבט די ליקווידאַציע פון ביאליסטאָקער געטאָ, זיך אויסבאַהאַלטנדיק אין א בונקער צוזאמען מיט נאך 12 פּערזאָן. ווען מען האָט זיי געכאפּט, האט מען זיי פארשפארט אין ביאליסטאקער תפיסה, אוו זיי האבן זיך געטראָפן מיט אברהמ׳ל זביסנאוויטש, און דערנאכדעם אריבערגעשיקט געוואָרן אין דעם שטוטהאפער לאגער און פון דארטן קיין אוישוויץ.

אין 1945 יאָר האָבן זיי אַדורכגעמאַכט דעם מאַרש קיין דייטשלאַנד און דעם 25־טן אַפּריל באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער ארמיי אין דרעזדען נעבן דער עלבע. אַ ביסל קומענדיק צו זיך (לאה׳טשע האט געוויגן — 38 קילאָ) איז לאה׳טשע מיט איר שוועסטער אוועק קיין ביאליסטאָק. געקומען צום יידישן קאָמיטעט או זיך דערוווסט, אַז אַלע האראדאקער יידן זענען אומגעקומען (אויך די פאמיליע גרוזביין). שפּעטער האָבן זיי באַזוכט האַראַדאָק און געפונען א פולשטענדיקן חורבן. אלע הייזער פארברענט, אויך די שולן, אפילו די צערקווע.

די עטלעכע קריסטלעכע איינוווינער האבן זיי דערציילט, אז ביי דער ערשטער אקציע אין ביאליסטאקער געטא, האט ד״ר צוקערמאן מיט זיין פרוי און טאכטער סאניע זיך אומגעקערט קיין האראדאק צו זיין אמאליקן קוטשער פון דער דאראזשקע, אז ער זאל זיי אויסבאהאלטן. אבער דער קוטשער האט זיי אויסגעגעבן דער געסטאפּאָ, וועלכע האט זיי ארויסגעפירט אויפן יידישן בית־הקברות און דערשאסן.

אט דער שאס איז געווען דער לעצטער טויט־אַקאָרד אין דער שרעקלעכער טראַגעדיע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין האראדאק.



פארסמטע מיט גאז

# מתוך מכתבו של יוסף אברמיצקי לאחר שיחרורו

**לודז׳** (21.6.46)



— את מבקשת, רחל היקרה, שאכתוב לך בפרוטרוט על קורותי? את זאת אין למסור בכתב. רק כמה אירועים:

מהורודוק הובילונו לביאליסטוק, אל גדוד הפרשים העשירי, לתוך קסרקטין, בו נפגשנו עם אנשי מיכלובה, זבלודובה, ושליקובה, סבישלוץ ועיירות אחרות. את כולם אספו ביום אחד. את תנאי המגורים שלנו אין באפשרותי לתאר למרות כל מאמצי.

יהודי גיטו ביאליסטוק תרו אחר אפשרות להעביר את בני משפחותיהם מתוך הקסרקטינים אליהם, לתוך הגיטו. אולם כדי לחדור לשם היה דרוש גב רחב והמלצות לרוב. אבא פורמן העביר את משפחתו, כי היה פקיד ביודנראט. את משפחת זבינוביץ הוציאה מהמחנה ההסתדרות הציונית וכד׳.

אולם לי ולמשפחתי, פינה עם פרומצה והילדים, אבא, מוטציה וזיסל, לא נמצא אף אחד שיעזור לנו. ועלוול עם דובה התרוצצו אחוזי־יאוש. ואז הוחלט שמישהו מאתנו יסכן את חייו ויחמוק בין חוטי התיל, יגיע לגיטו ביאליסטוק וינסה להציל את משפחתנו.

וכמובן, שביצוע המשימה הוטל עלי. שמתי את נפשי בכפי ופצוע קל, הגעתי לגיטו ביאליסטוק, מיד פניתי ליודנראט ועוד מקומות והצלחתי לרשום את חנה, מלכה׳לה, יוספה׳לה, פרומה, הילדים ואת אבא, בראש הרשימה להוצאה מתוך הגהינום.

אולם הגורל התאנה לנו, אותו יום החליפו את „הגרמני״ הטוב „לגרמני רע״ — אחד מכנופית הרוצחים, וכשהגיע לשער המחנה, פרץ המון של שנים־עשר אלף איש אל המכונית מתוך כוונה להידחק פנימה. לגרמני נראה הדבר כנסיון התקוממות, הוא הוציא את אקדוחו וירה בהמון, וכמובן שחזר לביאליסטוק עם מכונית ריקה.

אולם אנו לא אמרנו נואש ועשינו מאמצים שיוציאום למחרת אותו יום, אלא שאיחרנו את המועד. במוצאי שבת ה־22.11.42, הובילו אותם הגרמנים לטרבלינקה.

ידידי היקרים! האם תוכלו לתאר לכם את מצבי, ביודעי שכל יקירי חוסלו באופן כה אכזרי? הצטערתי מאד שנשארתי בחיים ולא נספיתי יחד עם כולם. ועלוול ודובה שמרו את צעדי, לולא הם לא הייתי נשאר בחיים. 9 חדשים היינו יחדיו ועברו עלינו צרות ו„אקציות״ רבות, עד לחיסולו של גיטו־ביאליסטוק, כשהפרידו בין גברים ונשים, עד שהועברו למאידנק.

אולם, דווקא אותי, הובילו לאושבינצים. לאחר זמן נודע לי, כי במאידנק חיסלו הגרמנים 27 אלף יהודים ובתוכם כנראה, מצא את מותו גם ועלוול. יוסף עבר לרוסיה ואין כל ידיעה ממנו. מרקה עם הילדים ניספו ביחד עם כל משפחתנו.

בעצם, מקומי ביניהם, אולם אם יכולתי לעמוד בפני כל הצרות והיסורים, שכול ועגמת־נפש ונשארתי בחיים, לא אציג שאלות לכל־יכול, כך היה רצונו.

כמובן, שהמסופר לעיל מכיל מעט מזעיר מחוויותי. אולי עמדה לי זכותם של יקירי שאשאר בחיים, שאספר לכולם, מה עוללו לנו הרוצחים השפלים. לו אך יכולתי לנקום בהם. אכן ניתנה לי ההזדמנות אחרי השחרור מהמחנה, לירות בגרמנים ולהמיתם כאוות־נפשי. יתכן שלא נהגתי כשורה, ולא פגעתי בהם לרעה. אולם מה אעשה ואיני מסוגל לשפוך דם. — — —

## אויסצוגן פון א בריוו פון יוסף אבראמיצקי נאך דער באפרייאונג

**לאדזש** (21.6.46)

— דו בעטסט מיך, ליבע רחל, אַז איך זאָל דיר שרייבן גענוי, וויאזוי עס האט פאסירט מיט מיר? דאס קען מען שריפטלעך ניט איבערגעבן, נאר עטלעכע עפיזאדן:

פון הוראדאק האט מען אונז ארויסגעפירט נעבן ביאליסטאק, אין 10 פאלק, אין א קאזארמע. דארטן האבן מיר געטראפן מיכאלאווער, זאבלודאווער, וואשלעקאווער, סוויסל־אטשער און פון אנדערע שטעטלעך, אלע אויפגעזאמלט אין איין טאג. די באדינגונגען אין וועלכע מיר האבן דארטן געלעבט, וועט דיר זיין שווער צו באגרייפן, אפילו ווען איך זאל זיי דיר גענוי באשרייבן.

די, וועלכע האבן געהאט פריינט אין ביאליסטאקער געטא, האבן געזוכט מעגלעכקייטן אריבערצונעמען זייערע פאמיליאנטן פון צענטן פאלק אין געטא אריין. אבער מען האט דערצו געדארפט האבן שטארקע פלייצעס און פיל רעקאמענדאציעס, צום ביישפיל: אבא פורמאן האט ארויסגע־נומען זיין פאמיליע, ווייל ער איז געווען אן אנגעשטעלטער אין יודנראט. זבינאוויטשעס פאמיליע האט ארויסגענומען די ציוניסטישע ארגאניזאציע אא״וו.

מיר, ווידער, איך מיט מיין פאמיליע, פינע מיט פרומצען מיט די קינדער, דער טאטע און מאטצע, זיסל, זענען מיר

נעבעך געבליבן אין לאגער און עס איז קיינער ניט געווען, וואס זאל עפעס טאן פאר אונז. וועלוול מיט דאבען זענען ארומגעלאפן ווי פארסמט און גארניט געקענט העלפן. איז געבליבן, אז עמעצער פון אונז, זאל ריזיקירן מיטן לעבן און אנטלויפן פון אונטער די דראטן, זיך דערשלאגן אין ביאליסטאקער געטא און זען עפעס צו טאן, כדי אפצוראטעווען אונזער פאמיליע.

פארשטייסטו דאך, רחל, אז דער גורל איז געפאלן אויף מיר. בקיצור, איך האב ריזיקירט מיטן לעבן און זיך אריינבאקומען אין ביאליסטאקער געטא, ווערנדיק לייכט ראנירט, און באלד אינטערווענירט אין יודנראט און נאך ערגעץ און געפועלט, אז מען זאל ארויפשטעלן חנה'ן, מיט מלכה'לען, מיט יוספה'לען, פינען, פרומען מיט די קינדער און דעם טאטן אויף דער ערשטער ליסטע, ארויסצונעמען פון גהינום.

אבער אז דער גורל איז קעגן דיר, ווייסטו, גארניט מאכן. אין דעם זעלבן טאג, ווען מען איז זיי געפארן ברענגען, האט מען געטוישט דעם „גוטן דייטש" אויף א „שלעכטן" — א מערדער; און ווען ער איז צוגעפארן צום טויער זיי נעמען, האט זיך דער המון פון צוועלף טויזנט געגעבן א לאז צום אויטא און יעדערער האט געוואלט מיטפארן.

דעם דייטש האט זיך אויסגעדאכט, אז דאס איז אן אויפשטאנד האט ער ארויסגעכאפט דעם פיסטאלעט און גענומען שיסן אין המון, איז אין כעס געווארן און קיינעם ניט גענומען מיט זיך.

מיר האבן אבער ניט רעזיגנירט און ווייטער געפועלט, אז מען זאל מארגן פארן נאך זיי. זענען זיי שוין צום גרויסן באדויערן ניט געווען, ווייל מען האט זיי די נאכט פון שבת אויף זונטיק דעם 22.11.42 ארויסגעפירט קיין טרעבלינקע.

מיינע טייערע פריינט! קענט איך זיך פארשטעלן מיין לאגע, וויסנדיק אז מיינע נאענטסטע זענען אומגעבראכט געווארן אויף אזא בעסטיאלישן אופן? איך האב זייער שטארק באדויערט, פארוואס איך בין לעבן געבליבן און ניט אומגעקומען צוזאמען מיט אלעמען. וועלוול מיט דאבען האבן מיך געהיט אויף יעדן טריט און שריט, ווען ניט זיי, וואלט איך ניט געבליבן ביים לעבן. 9 מאנאטן זיינען מיר געווען צוזאמען און אדורכגעלעבט אלע צרות און פארשיידענע אקציעס, ביז מען האט ליקווידירט דעם ביאליסטאקער געטא. דאן האט מען אונז צעשיידט, מענער און פרויען באזונדער, ביז מען האט אלעמען טראנספארטירט קיין מאידאנעק. נאר מיך האט מען פארשלעפט קיין אוישוויץ. שפעטער האב איך געהערט, אז אין מאידאנעק האט מען פארטיק געמאכט 27 טויזנט יידן און צווישן זיי איז זיכער וועלוול אומגעקומען. יוסף ווידער, איז אוועק קיין רוסלאנד און איך הער גארניט פון אים. מערקע מיט די קינדער זענען אומגעקומען צוזאמען מיט אונזער פאמיליע. דאס איז דער סך־הכל פון אונזערע נאענטע און טייערסטע. אייגנטלעך, וואלט איך געדארפט זיין צווישן זיי, נאר מען קען גארניט מאכן. אז איך האב געקענט אדורכלעבן אזעלכע צרות אוןליידן, אזויפיל פיין און עגמת־נפש און איך בין דאך געבליבן לעבן, וועל איך מער קיין פראגן ביי גאט ניט פרעגן, ווייל אזוי האט ער געוואלט.

נאטירלעך, אז דאס איז ניט מער ווי א נישטיקער טייל פון מיינע איבערלעבונגען. אפשר איז דאס צוליב עמעצנס זכות, איך זאל זיך זען מיט אלע לעבעדיקע פריינט און זיי דערציילן וואס די מערדער האבן מיט אונז געטאן. וואלט איך כאטש געקענט נקמה נעמען. גראד האבן זיך געמאכט געלעגנהייטן, נאך מיין באפרייען פונעם לאגער, צו שיסן און טויטן דייטשן, וויפל איך וואלט געוואלט. פיליכט איז עס אן עוולה פון מיין זייט, נאר וואס זאל איך טאן, אז איך קען ניט פארגיסן קיין בלוט. — — —



די באגעגעניש פון די רעשטלעך לעבנגעבליבענע נאכן קריג אין 1945 יאר

# בצפרני השטן

מאת פני גרונדלנד-זונשין (ישראל)

בראשית מלחמת־העולם השניה, התגוררתי עם בעלי ושני ילדי, ילד בן שבע ותינוקת בת 6 חדשים ועם אחותי סוניה, בזומברוב, עיירה קטנה, 60 ק"מ מהגבול הגרמני. כך שמיד עם התקפת הבזק נמצאנו בחזית האש ממש. אבי ואחיותי היו אותה שעה בהורודוק, שהיתה עיירת מולדתי. מ־1939 ועד ל־1941 נמצאנו בחסותה של ברית־המועצות. אולם ב־21.6.41 בחצות הלילה, עברו הגרמנים את הגבול ופשטו כזאבים טורפים על יישובי היהודים. רבים מאתנו הבינו מיד את הצפוי להם, אולם היינו אובדי־עצות וחסרי־ישע.

לכל אחד מאתנו יש חלק בטרגדיה האיומה ומזלי הוא, שנשארתי בין יחידי־סגולה, עדה חיה, לחוויותינו האיומות. בעלי, חייב היה להישאר בבית־החולים על־יד החולים, שנזקקו לעזרתו הרפואית. אולם אני, אחותי והילדים, עברנו לגור בכפר, רחוק ככל האפשר מהחזית.

כמובן שהגיסטפו התחיל מיד לטפל ברכוש היהודי. כעשרה ימים לאחר בואם, אירגנו הרוצחים „מבצע השמדה"

תחת הסוואה של „פלוגת עבודה", ניתן צו ליהודים להתאסף בכיכר השוק, ומבין כל הקהילה המקומית הוציאו כאלף איש, מסלתה ושמנה של החברה, ביניהם משפחתי (אני ואחותי ניצלנו הודות לכופר־נפש) וגרשום 15 ק"מ מאחורי העיר, ישר לתוך בורות מוכנים, ירו בהם במכונות־יריה וקברו את המתים יחד עם הפצועים. על זאת סיפר לנו פולני, שהשקיף על ההוצאה להורג, בישבו על עץ גבוה בתוך היער הסמוך. והאיש התרה בנו, שנוקיר רגלינו מ„פלוגות העבודה". כעבור יומיים, הובילו הגרמנים 2000 איש נוספים לקברם. אולם למרות מה שכולם ידעו את הצפוי להם, צעדו היהודים ללא התנגדות לקראת המוות, מכיוון שלא ראו כל אפשרות להאבק למען החיים. בחצות לילה היו האנשים מוצאים ממיטותיהם, מוכים מכות־רצח ומובלים למקום בלתי ידוע. אזי פשטה השמועה, שבגיטו ורשה, בין חצי מיליון יהודים אין כל סכנה צפויה לחיים. כדברי המאמר: אם האלהים רוצה להעניש, הריהו נוטל שכלו של אדם. בקיצור, עברתי עם אחותי סוניה והילדים לתוך „גן העדן" של גיטו־ורשה.

אין בכוח־אנוש לתאר את שעבר עלינו. רעב, מצוקה, צפיפות. שלש משפחות בחדר קטן, הזוהמה וטיפוס־בהרות גרפו מאות קרבנות, מי שנפטר בשעות לילה בביתו, הושלך בבוקר לצידי המדרכה, עטוף גליון ניר, מכיוון שלבני משפחתו חסרו האמצעים להביאו לקבורה.

בני־אדם התהלכו נפוחי־רעב ובקושי הניעו את רגליהם. ילדים קטנים חיטטו לשוא בארגזי־האשפה, אחר שיירי־אוכל, ואילו לידם היו חלונות הראוה של מסעדת גרטנר מלאים יינות ואווזים צלויים. לפתע היתה צווחת־אימים משתיקה את הכל ואת הרחוב היה חוצה אדם אחוז טרוף־רעב כשבידיו חבילת־מזון, שחטף מידי אשה לבושת הדר, ואילו לא הרחק משם ערכה הגיסטפו מצוד על בני־אדם, בכדי לשלחם ל„עבודה", שאין חוזרים הימנה. דברים אלה נתרחשו לעין־כל, במשך כל שעות היום והלילה.

הבנתי, שגיטו ורשה לא יתמיד בקיומו והחלטתי לחזור אל בעלי, לזומברוב. אולם בשובי נוכחתי, שגיהינום גיטו־זומברוב אינו נופל מגיטו ורשה. 3000 הנפשות שכבר הושמדו עד אז על־ידי הנאצים, לא הפחיתו את הרעב והמגפות, שסייעו למלאך־המוות הגרמני בפעולתו הרצחנית, ועשו שמות באוכלוסיה היהודית.

בליל ה־1 בנובמבר, לאחר שנודע לנו על חיסולו הקרוב של הגיטו, נמלטנו על נפשנו אל שכן נוצרי. למחרת הזעיקו הגרמנים את כל יהודי העיירות שבאיזור לתוך קסרקטיני זומברוב וז'נדרמים שנעזרו על־ידי כלבים מאולפים ומשטרת ה„פאלקס־דויטשע", החלו בחיפוש יהודים שהסתתרו מפניהם. שמונה ימים הצלחנו להסתתר מעיניהם הבולשות, ידידינו הפולנים עזרו ככל יכולתם, אך ללא־הועיל.

ב־8 לנובמבר הוציאתנו משפחה פולנית לכפר מרוחק ואם עד־כה קיללנו את המוות, מאותו יום ואילך התחלנו לקלל כל שעה משעת חיינו עד לסוף שנת 1944, כי יומם ולילה היינו שרויים בפחד מוות.

הסתתרנו אצל אשה אלמנה, אם לשלשה ילדים, במרתף בקתתה העלובה. האשה היתה עניה מאד ועבדה בשדה אצל איכרים ותמורת עבודתה קיבלה תפוחי־אדמה שחילקה אתנו שווה בשווה.

היו עוד משפחות נוצריות שהושיטו עזרה, אולם יותר מכולם הצטיין יאנק גינאנסקי מפריטה. אחרי בחור זה ומשפחתו ערכה הגיסטפו חיפושים נרחבים במשך כל הזמן, אולם אימת הסכנה לא הרתיעתהו מלשמור עלינו בעת צרה, ומפעם לפעם העביר אותנו למקום מבטחים חדש. אפילו אחרי השיחרור הוסיף לטפל בנו במסירות ויעץ לנו להסתלק מהאיזור.

לצערנו, לא כל הפולנים התנהגו כמו יאנק.

לא בשביל לסחוט דמעה והבעת השתתפות בצער, אני כותבת שורות אלו, אלא בכדי שתשיגו, מה רב כוחה של אם יהודיה, בעמדה להציל את עולליה מפני מר המוות.

במשך זמן ארוך רבצנו בתוך בור פתוח, שכוסה קש, באפלה, מבלי להבדיל בין יום ללילה. פעם נודע לנו, שעקב קלות־דעתו של אחיו, נאלץ יאנק להעבירנו ליער, שכונה „פאליגאן", ששימש מטווח לצבא הגרמני. התגוררנו בחדר קטן וצר של נוצרי מכניס־אורחים, שכל משפחתו נצטופפה בחדר הסמוך. הדרנו לא הוסק וילדי כמעט קפאו מקור.

פעם ביום כפור עז, הקיפו הגרמנים את הביקתה ובקושי הצלחנו להימלט לעלית־הגג. החיילים שערכו את החיפוש אמרו לבעל הבית: כי אילו מצאו יהודים בביתו היו הורגים אותו, כשם שהרגו את שכנו, שהסתיר יהודי.

למחרת, לאחר שהגרמנים הופיעו פעם נוספת, לא הספקנו לעלות לעלית הגג ונשארנו למטה, בתוך החדר. הלבשתי את הילדים במעיליהם, כאילו אך זה נכנסנו, על מנת לדתחמם, כדי להציל את משפחת מארחי מסכנת־מוות וחסמתי בגופי את פתח הכניסה. כמובן, שלא בגלל כוחי הרב נסוגו הגרמנים, אלא עקב ערמתו של בעל־הבית, שלקחם הצידה והובילם למקום עשיית יי"ש בלתי־חוקי. משנודע ליאנק על מצבנו הנואש, הובילנו אל השדות ושיכננו בתוך בור לאיחסון תפוחי־אדמה לעונת החורף. שלש יממות בילינו בתוך הבור, בלי מזון ומים, וכל אותה עת ישבנו על ערמת תפוחי־אדמה רקובים, נוסף לזאת נזהרנו בתנועותינו, מכיוון שהבור נכרה לא הרחק מאחוזתו של פקיד נאצי גבוה.

לאחר מכן העביר אותנו יאנק אל מכיר נוצרי בכפר ווישקעס ושם שאפנו רוח לרווחה. כל יום שתינו ספל חלב מפרה אחרת. וכשהעובדים התלוננו על ירידה בתנובת החלב, שמענו את תשובתו של בעל הבית: „שעה שדם נוזל כמים, ונהרי דמעות עוברים על גדותיהם, אין לדבר סרה בפרות המסכנות, המניבות פחות מדי חלב".

לצערנו, לא ארכה רווחתנו, מכיוון שהגרמנים גרשו את תושבי המקום, ואז הוברחנו שוב למשפחה דלת אמצעים והתגוררנו במרתפה. לא יכולנו לא לעמוד ולא לשבת, בגלל התקרה הנמוכה, מזוננו היה מרק דליל, לא לחם ולא תפוחי־אדמה. היינו נפוחי־רעב. כספנו אזל, כי מארחינו ראו בכספנו את רכושם הם.

קרבן־רעב ראשון היתה אחותי סוניה. ב־15.2.44 נפחה את נשמתה. ודבריה האחרונים היו: „פאני, אני מתה מרעב".

24 שעות היתה מוטלת לידנו במרתף הצר, עד שיאנק כרה לה קבר באדמה הקפואה.

החזית נתקרבה לאיטה עד לכפרנו. משך שעות ארוכות רבצנו בתוך קברנו מתחת לריצפה הרקובה, כשלבנו ער להד רעמיהם של התותחים, שבישרו לנו את בשורת השיחרור או האבדון. עם מלים רוסיות ראשונות שקלטו אזנינו, נזדחלנו מתוך מאורתנו החשוכה. הקצין הרוסי כמעט שהשמיט את התת־מקלע מידו, כי כה נזדעזע למראנו האיום. הוא הרווה

את צמאוננו במים חיים, אירגן בחפזון משאית, שתחזירנו 10 ק"מ מאחרי קו החזית. מרחק־מה מביאליסטוק נעצרה המכונית, חזרה במהירות על עקבותיה ואנו נוטשנו לנפשנו, עומדים בתוך שדה, מבלי יכולת לנוע מהמקום, כי לאחר 22 חדשים של שכיבה במרתף, יצאו רגלינו מכלל שימוש. אז החלטנו ללון תחת כיפת השמים, כי לא יכולנו ללכת ואף לא ידענו לאן נשים פעמינו.

מעמדנו העלוב משך את תשומת לבו של עובר־אורח מעובדי הרכבת, בשם מאלינובסקי. הלז לקחנו אליו הביתה, מילא קערה במים חמים ופרש מגבת נקיה. הזמיננו לשולחן והציע לנו משכבים. לעולם לא אשכח את שאלותיהם של ילדי: „אם האוכל שהוגש לשולחן הוא גם עבורנו?"

כעבור זמן־מה נסענו ברכבת עד לתחנת ואליל ומשם הלכנו להורודוק. משך שעות ארוכות שוטטנו בין חורבות עיירת מולדתי, שקוצים וחרולים עלו ברחובותיהם השוממים. אף לא נפש חיה, לא רע וקרוב משפחה. הכל כוסה באבק ההריסות. ימים מספר לאחר מכן, פגשנו במשה ועטשע סימיון, שהקדישו לנו תשומת לב לאין־שעור.

ידידינו היחידים מפליטת בית הורודוק.

# אין דעם טייוולס נעגל

פון **פאני גרונדלאנד-זאנשיין** (ישראל)

אין אנהויב פון צווייטן וועלט־קריג, האב איך מיט מיין מאן און צוויי קליינע קינדער, איינער 7 יאר אלט און די צווייטע א האלב יאר, מיט מיין שוועסטער סאניע, געוווינט אין זאמבראווו — א קליין שטעטל, 60 קילאמעטער פון דער דייטשישער גרענעץ. און בשעת דעם בליץ־מארש זענען מיר באלד געווען אויפן ערשטן פייער. מיין פאטער מיט די איבעריקע שוועסטער מיינע, זענען געווען אין האראדאק, צו וועלכער עס האט מיך שטארק געצויגן. פון 1939 ביז 1941 זענען מיר געווען אונטערן שוץ פון דעם ראטנפארבאנד. אבער דעם 22.6.41, אינמיטן נאַכט, זענען די דייטשן אַריבער די סאָוויעטישע גרענעץ און ווי הונגעריקע וועלף זיך א לאז געטאן אויף די יידישע ישובים. אך סך האבן באלד פארשטאנען וואס אונז ווארט אפ, אבער מיר זענען געווען הילפלאז און זיך ניט געקענט געבן קיין עצה.

יעדער פון אונז האט זיך זיין בלעטל אין דער שרעקלע־כער טראגעדיע און מיין מזל איז, וואס איך בין געבליבן צווישן די געציילטע, לעבעדיקע עדות, צו דערציילן פון אונזערע שוידערלעכע איבערלעבונגען. מיין מאן האט געמוזט בלייבן מיט די קראנקע אינעם קראנקנהויז, וועלכע האבן זיך שטארק גענויטיקט אין זיין מעדיצינישער הילף און איך, צוזאמען מיט מיין שוועסטער און קינדערלעך, זענען אוועק אין א נאענטן דארף, וועלכן די דייטשן האבן ניט באמבארדירט.

די געסטאפאָ האט באלד אנגעהויבן צו „ווירטשאפטלען" מיט די יידישע פארמעגנס. אומגעפער צען טעג נאך זייער אריינקומען האבן די מערדער ארגאניזירט א „פארניכטונגס־אקציאן". אונטערן אויסרייד פון אן „ארבייטס־קאמאנדא", האָבן זיי באפוילן אז אלע יידן, יונג און אלט, זאלן זיך צוזאַמענקומען אויפן מארק־פלאץ. זיי האבן אויסגעוויילט די שענסטע און די בעסטע פון דער יידישער געזעלשאפט, אריבער טויזנט מאן, צווישן וועלכע עס האט זיך געפונען אויך מײַן פאמיליע, (מיר, מיט מיין שוועסטער איז געלונגען זיך אויסצוקויפן) און אוועקגעטריבן 15 ק"מ הינטער דער שטאט, אַוו עס האָבן זיי אָפּגעוואַרט אויסגעגראָבענע קברים. זיי האבן אלעמען צעשאסן מיט מאשין־געווער און באערדיקט די טויטע צוזאמען מיט די לייכט פארוווּנדעטע. וועגן דעם האט אונז דערציילט א פאליאק, וועלכער האט זיך צוגעקוקט צו דער עקזעקוציע, זיצנדיק אויף א הויכן בוים אין דערנענ־בנדיקן וואלד. ער האט אונז געווארנט, אז מיר זאלן זיך ניט לאזן פארנארן אין די „ארבעטס־קאמאנדאס". עטלעכע טעג שפעטער האבן די דייטשן ווידער אוועקגעפירט 2000 יידן צו דער שחיטה, דאס מאל אויף אן אנדער ארט. און טראץ דעם, וואס יעדער איינער האט געוווסט, וואס עס דערווארט אים פון די אזוי גערופענע „ארבעטס־קאמאנדאס", איז מען דאך געגאנגען פאסיוו צום טויט, ווייל עס איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט און אויך ניט קיין מוט צו קעמפן פארן לעבן. אינמיטן נאכט פלעגט מען ארויסשלעפן פון די בעטן שלאגן מכות רצח און דערהרגענען. ניט געווען א פאמיליע, וואס האט עמעצן ניט פארלוירן. דאן האט מען אנגעפאנגען צו רעדן, אז אין ווארשעווער געטא אין וועלכן עס געפינען זיך ביי א האלבן מיליאָן יידן, איז מען זיכערער מיטן לעבן. און ווי זאגט מען דארטן? אז גאט וויל עמעצן שטראפן, נעמט ער ביי אים אוועק דעם פארשטאנד. האב איך זיך געלאזט איינרעדן, גענומען די קינדער, מיט מיין שוועסטער סאָניע און אוועקגעלאזט זיך אינעם „גן עדן" פון געטא־ווארשע.

קיינער איז ניט בכח באשרייבן, וואָס מיר האָבן דארטן איבערגעלעבט: הונגער, נויט, ענגשאפט, דריי פאמיליעס אין איין קליינעם צימערל. די שמוץ און פלעק־טיפוס האבן יעדן טאג אוועקגענומען הונדערטער קרבנות. דער יעניקער, וואס איז ביינאכט געשטארבן אונטער א דאך, איז אין דער פרי געלעגן אינדרויסן צוגעדעקט מיט א פאפיר, ווייל זיין פאמיליע האט ניט געהאט די מעגלעכקייט אים ברענגען צו קבורה.

מען איז ארומגעגאנגען געשוואלן פון הונגער און קוים באוועגט מיט די אויסגעטריקנטע ליפן. קליינע קינדער האבן גענישטערט אין די מיסט־קאסטנס און געזוכט א פארדארטע שקארינקע, אבער זיי האבן גארניט געפונען. און דערנעבן ש.יפענצטער מיט טייערע וויינען אין ליקיארן מיט געבראטענע גענדז אין גערטנערס רעסטאראן. פלוצלונג דערהערט מען א וויגעשריי. א הונגעריקער האט ארויסגעריסן ביי אן עלעגאנטע דאמע, א קליין פעקעלע מיט עסנווארג. און אין דער זעלבער צייט זעט מען, ווי די געסטאפא כאפט מענטשן אויף דער

גאס צו ארבעט, פון וועלכער זיי וועלן זיך שוין קיינמאל ניט צוריקקערן...

זיך צוקוקנדיק צו דעם אלעמען האב איך פארשטאנען, אז אויך דער ווארשעווער געטא וועט ניט האבן קיין לאנגן קיום. און איך האב באשלאסן וואס גיכער צו אנטלויפן צו מיין מאן, קיין זאמבראוו.

אבער צוריקקערנדיק זיך קיין זאמבראוו, האב איך זיך באלד איבערצייגט אז דער זאמבראווער גהינום איז ניט הינטערשטעליק דעם ווארשעווער טראץ דעם, וואס עס האבן שוין דארטן געפעלט אריבער 3000 מענטשן. וועלכע די דייטשן האבן אומגעבראכט, איז אין געטא נאך ענגער געווארן און דער הונגער, און די מגיפות האבן צוגעהאלפן דעם דייטשישן מלאך־המוות אין זיין מערדערישער טעטיקייט.

אין דער נאכט פון דעם 1 נאָוועמבער, ווען מיר האבן זיך דערוווסט, אז מען גייט ליקווידירן דעם געטא, זענען מיר אנטלאפן און זיך אויסבאהאלטן ביי א שכן, א קריסט. אין דער פרי האבן די דייטשן צוזאמענגעטריבן אלע יידן פון די ארומיקע שטעטלעך אין די זאמבראווער קאזארמעס און די זשאנדארמעריע איז ארומגעגאנגען מיט שפיר־הינט און צוזאמען מיט דער פאלקס־דייטשער פאליציי האבן זיי גענישטערט אין אלע לעכער און געזוכט א יידן. אכט טעג האבן מיר זיך אויסבאהאלטן פונעם אמטס־קאמיסאר און גוטע פריינט פאליאקן, האבן אונז ארומגעזוכט, כדי צו העלפן, אבער אן דערפאלג, ווייל די יעניקע, וועלכע האבן געוווסט פון אונזער באהעלטעניש האבן מורא געהאט צו דערציילן, ווייל פאר אויסבאהאלטן אדער ניט אויסגעבן א יידן, האט געדראט טויט־שטראף.

דעם 8 נאוועמבער האט אונז א פויל׳ישע פאמיליע ארויסגעפירט צו זיך אין דארף, וואס ווייטער פון די דייטשישע בעסטיעס. און אויב ביז דאן האבן מיר פארשאלטן דעם טויט, האָבן מיר פון יענער שעה אָנגעהויבן צו פארשעלטן יעדן אדורכגעלעבטן טאג. ביזן סוף פון 1944 יאר, האבן מיר טאג און נאכט געקוקט דעם טויט אין די אויגן.

מיר האבן זיך אויסבאהאלטן ביי אן ארעמער פרוי מיט דריי פיצלעך קינדער, אינעם קעלער פון איר האלב חרובער הייזקע. די פרוי איז געווען א וויסטע אלמנה און געגאנגען ארבעטן אין פעלד צו רייכע פויערים און מיט די פארדינטע קארטאפל האט זי זיך געטיילט מיט אונז, האלב אויף האלב.

עס זענען געווען נאך עטלעכע קריסטלעכע פאמיליעס, וועלכע האבן אונז צוגעהאלפן, אבער אממייסטן פון זיי אלעמען, האט זיך איינגעשטעלט פאר אונז, יאנעק גיגאנסקי פון פאריטע. דעם זעלבן יאנעק מיט זיין פאמיליע האט די געסטאפא ארומגעזוכט די גאנצע צייט, און דאך האט עס אים ניט אפגעשראקן און יעדעס מאל, ווען עס האט אונז געדראט א געפאר, פלעגט ער אונז אריבערפירן אין א זיכערן פלאץ. אפילו נאך דער באפרייונג האט ער נאך אלץ געזארגט פאר אונז און געראטן ניט צו פארבלייבן אין דער געגנט, אין וועלכער מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

ליידער, ניט אלע פאליאקן זענען געווען ווי יאנעק...

ניט כדי ארויסצורופן טרערן אין די אויגן און אנדערע אויסדרוקן פון מיטגעפיל, שרייב איך אט־א־די שורות, נאר כדי צו ברענגען צו קענטניס, וואס א יידישע מוטער איז פעיק אריבערצוטראגן, כדי אפצוראטעווען אירע קינדער פון א זיכערן טויט.

א לענגערע צייט זענען מיר געזעסן אין אן אויסגעגראבענער גרוב, צוגעדעקט מיט היי, אין א פינצטערניש, ניט קענענדיק אונטערשיידן פון טאג צו נאכט. איין מאל האבן מיר זיך דערוווסט, אז צוליב דער לייכטזיניקער אויפפירונג פון יאנעקס ברודער, וועט אונז יאנעק אריבערפירן אויף אן אנדערן ארט, אין א וואלד, וואס האט געהייסן „פאליגאן”. מיר האבן געוווינט אין א קליין צימערל און אין דעם צווייטן צימער, די פאמיליע פונעם גאסטפריינטלעכן קריסט. אונזער צימער איז ניט געווען באהייצט און די קינדער זענען געפרווירן געווארן פון קעלט. דערצו האט דאס דייטשע מיליטער געמאכט איבונגען אינעם וואלד.

אין אַ פראָסטיקן פרימאָרגן האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט אונזער הייזקע, און מיר האבן קוים באוויזן ארויפצולויפן אויפן בוידעם. די דייטשן זענען אריין אין שטוב, רעווידירט די וווינונג און געזאגט צו די קריסטן אז נאך גוט, וואס זיי באהאלטן ניט אויס קיין יידן ביי זיך, ווייל ניט ווייט פון דאנעט, האבן זיי געפאקט א יונגען ייד וועלכן זיי האבן דערשאסן צוזאמען מיט די קריסטן ביי וועלכע ער האט זיך אויסבאַהאַלטן.

צומארגנס, ווען די דייטשן זענען ווידער דערשינען אין דער אומגעבונג, האבן מיר שוין ניט באוויזן ארויפצוגיין אויפן בוידעם. און מיר זענען געבליבן אונטן אין דער דירה. איך האב שנעל ארויפגעווארפן די פאלטנס אויף מיינע קינדער, ווי נאר אקארשט אריין זיך אנצוווארעמען, כדי אפצוראטעווען די קריסטלעכע פאמיליע פון א טויט־געפאר. טאמער באהאלט זיך נאך ערגעץ אויס א יידיש קינד, זאלן אים די קריסטן ניט ארויסטרייבן אינדרויסן. דערביי האב איך צוגעהאלטן די טיר אקעגן די אנגרייפנדע דייטשן. נאטירלעך, אז ניט צוליב דעם האבן די דייטשן די טיר ניט אויפגעעפנט, נאר צוליבן איינפאל פון מיין באלעבאָס, וועלכער האט זיי אפגערופן אין א זייט און זיי אוועקגעפירט אויף א פלאץ ווו מען מאכט שנאפס (סאמאגאן). ווען יאנעק האט זיך דערוווסט פון אונזער געפערלעכער לאגע, האט ער אונז אינמיטן נאכט ארויסגעפירט אין פרייען פעלד אין א גרויסע גרוב צו באדעקן קארטאפל אויף ווינטער. דריי מעת לעת זענען מיר געלעגן אין דער גרוב, אן שפייז און אן וואסער אויף די רויע קארטאפל, וועלכע האבן אונז פארשאפט א סךליידן. דערצו האבן מיר זיך געדארפט אויסהיטן מיט יעדע באוועגונג, ווייל די גרוב איז געווען נאענט פון דעם לאנדראטס־הויף.

שפעטער האט אונז יאנעק אריבערגענומען צו א באקאנטן קריסט אין דארף ווישקעס. און דארטן זענען מיר געקומען אביסל צו זיך. יעדן טאג האט מען אונז צוגעשטעלט א קריגעלע מילך פון אן אנדערע קו און אז מען פלעגט זיך באקלאגן פארן באלעבאָס אויף די קי, פארוואס זיי גיבן מיט יעדן טאג ווייניקער מילך, האבן מיר געהערט ווי ער ענטפערט אפ, „אז ווען בלוט גיסט זיך ווי וואסער און עס פלייצן טייכן מיט טרערן, דארף מען זיך ניט באקלאגן אויף די ארעמע קיעלעך, וועלכע גיבן ווייניקער מילך.”

ליידער, האבן מיר דארטן מער ניט געקענט פארבלייבן, ווייל די דייטשן האבן אלע איינוווינער ארויסגעטריבן פון דער ארטיקער געגנט. דאן האבן מיר זיך אריבערגעשמוגלט צו

א זייער ארעמער פאמיליע. אונזער ווינארט איז געווען אין א קעלער, אונטער דער פאדלאגע. שטיין און זיצן האט מען ניט געקענט, ווייל עס איז געווען זייער נידעריק. עסן האבן מיר באקומען זייער ווייניק. ניט קיין ברויט און ניט קיין קארטאפל, נאר א שיטערע זופּ, מיר זענען געשוואלן געווארן פון הונגער. קיין געלט האבן מיר אויך ניט געהאט, ווייל די יעניקע, ביי וועמען מיר האבן געוווינט, האבן אונזער געלט באטראכט פאר זייער אייגנס.

דער ערשטער הונגער־קרבן איז געווען מיין שוועסטער סאָניע, דעם 15.2.44 איז זי געשטארבן. אירע לעצטע ווערטער זענען געווען : „פאני, איך שטארב פון הונגער”.

24 שעה איז זי געלעגן מיט אונז אין ענגן קעלער, ביז עס איז געקומען יאנעק און זי באערדיקט אין דעם פאר־פרוירענעם באדן.

לאנגזאם האט זיך דער פראנט דערנענטערט אויך צו אונזער דארף. שעהן לאנג זענען מיר געלעגן אינעם לעבעדיקן קבר, אונטער דער פארפ:ילטער פאדלאגע און מיט הארצקלאפן זיך צוגעהערט צום הילכיקן עכא פון די קאנאנען, וועלכע האבן געטראגן פאר אונז דעם אנזאג פון באפרייונג אדער אומקום. נאך די ערשטע ווערטער אין רוסיש, וואס זענען דערגאנגען צו אונזערע געשפאנטע אויערן, זענען מיר ארויסגעקראכן פון דער פינצטערער נארע. דער רוסישער אפיצער, האט דערזעענדיק אונז שיער ניט ארויסגעלאזט דעם אויטאמאט פון האנט, אזוי שרעקלעך האבן מיר אויסגעזען. ער האט אונז באלד געבראכט פריש וואסער צום טרינקען און שנעל ארגאניזירט א לאסט־אויטא, וואס זאל אונז אוועקפירן 100 ק״מ ווייט הינטער דער פראנט־ליניע.

עטלעכע ק״מ פאר ביאליסטאָק איז דער אויטא שטיין געבליבן און שנעל זיך צוריקגעקערט און מיר זענען געבליבן אינמיטן פעלד, ניט קענענדיק גיין פארויס. ווייל נאך 22 מאנאטן ליגן אין נידעריקן קעלער, האבן די פיס אונז א:יפגעהערט צו דינען. דאן האבן מיר באשלאסן איבער־צונעכטן אונטערן פרייען הימל, ווייל מיר האבן ניט געקענט גיין אין ערגעץ, און אויך ניט געוווסט אווו צו גיין.

אונזער טרויעריקער אויסזען האט צוגעצויגן צו זיך א פארבייגייענדיקן אייזנבאנער, מיטן נאמען מאלינאָווסקי, וועלכער האט אונז אוועקגעפירט צו זיך א היים, אוועק־געשטעלט א שיסל וואסער און דערלאנגט א ריינעם האנטוך, געגעבן אפצועסן און געלייגט שלאפן. איך וועל קיין מאל אין לעבן ניט פארגעסן, ווי מיינע קינדער האבן ביי מיר געפרעגט : צי דער עסן אויפן טיש איז אויך פאר זיי ?

שפּעטער זענען מיר געפארן מיט דער באן צו דער סטאנציע וואליל און פון דארטן אוועקגעגאנגען צופוס קיין האראדאק.

שעהן לאנג האבן מיר געבלאנדזשעט צווישן די חרובע הייזער פון מיין געבורט־שטעטל, וואס איז פארוויסט און פארוואקסן מיט ווילדגראז. קיין איין איינציקער פריינט און באקאנטער. אלץ ליגט אין שטויב און רואינען. ערשט א פאר טעג שפּעטער האבן מיר זיך געטראפן מיט משה און עטשע סעמיאן, וועלכע האבן אונז געשענקט א סך אויפמערקזאמקייט און אן א שיעור הארץ.

די איינציקע פריינט אונזערע אין האראדאק !

# זכרונותיו של לוחם

מאת הרשל דינרמן (ארצות־הברית)



מבצע לא פשוט לאדם שאינו רגיל בעט־סופרים, להביא לידי ביטוי מלא את קיומה ואבדנה של קהילה, אולם מחובתי הקדושה כעד־ראיה, לתאר את הקורות ולומר קדיש אחר קרובינו.

הורודוק, עיירתי הקטנה והעלובה! את יקרה לי מכל הערים הגדולות שהתגוררתי בתוכן. רחובותיך לא סלולים ולא מצופים אספלט היו. כל כולן סמטאות קטנות וצרות. ביקתות בלות על יסודות מעורערים עם ארובות גבוהות של בתי־חרושת המזדקרות מעל לגגות.

הנהר סופראסל, שחצה את הורודוק ל„שטעטל" ו„פיאסקעס", שימש גם ביב־שופכין.

העיירה רחשה חנוונים זעירים, שסחרו „על חשבון". אבותינו עמלו קשות לקיום משפחותיהם. והאלמנות, ששיכלו את בעליהן במלחמת־העולם הראשונה, נאבקו מר לפרנסתן, בהיותן צופיות עם יתומיהן לרעב ומחסור.

בפולין האנטישמית, מנעו מיהודים משרה כלשהי במנגנון המדינה, משום־כך שלחו היהודים את ידם בפרנסות אחרות. נזכר אני באורגים שיצאו את שערי בתי־החרושת לאחר יום עבודה מפרך. בנגרים, בחייטים, בסנדלרים, בנפחים, בבנאים, במורים, במלמדים ובבעלי־עגלות — בכל צבא העמלים, שבעמל רב השתכר לפת־לחמו.

לאחר טרדות השבוע; נשתררה השכינה במעונם בליל שבת. על השולחנות דלקו נרות וקדושה ריחפה על כל. האב חזר מבית־המדרש וקידש את השבת, ואזני מהדהדות מזמירות והמולת ילדים על סיפי בתי־המגורים.

בערבי קיץ היו בני הורודוק ובנותיה יוצאים לשוח בדרך בילוביץ, אל האפרים הירוקים שמאחורי ביתי. אהבה רבה, חלומות ותקוות נשאו הם בלבם בדרכם זו ותכניות נועזות גמלו בראשם של בני הנוער התוססים.

גוער הורודוק, איכה?!!

מתוך הביקתות החשובות, המוארות בעששיות־נפט, בקע אור גדול ורב־עוצמה מזה העולה מהרחובות ומאלפי נורות חשמל וניאון. היה זה אורן של נשמות בני־אדם חדורי אידיאלים זוהרים, שנכספו לחיים טובים ויפים...

הורת מורנו, מאיר מוטל אפשטיין, לא הלכה לאיבוד. לא! לא!

„אני לא אכרה את קברי בפקודתו של הצורר. מוות לגרמנים! תמות נפשי עם פלישתים!" מאיר מוטל כזה היה קיים בכל עיר ועיירה ואנו, תלמידיהם הנאמנים, תרים אחד אחר השני באפלת מחתרתו של הגיטו, מגבשים כוחות ומחשלים את נשקנו להתנגדות מזויינת ומכים באויב.

דצמבר שנת 1942. בליל כפור עוזבת קבוצה בת 9 צעירים מעיירות שונות את הגיטו לכיוון יער פרוז׳אני, עם נשק ביד, שנשדד מידיהם של חיילים גרמנים. השאיפה לנקמה והרצון לראות במפלתן של חיות־הטרף, מדרבן אותנו להתגבר על הווי היער הפראי, שמהדהד מיריות מקלעיהם של הגרמנים. היער עם מזונותיו המיוחדים גורם לתחלואים שונים. אולם אנו מקבלים הכל באהבה כאנשים חפשים ללא טלאי צהוב.

גיטו פרוז׳אני קיים עדיין. ומתוך היער חודרים שליחים לתוך הגיטו ומקיימים קשרים עם הנוער. מארגנים ומדריכים אותו. הנוער דרוך לידיעה, על קיום אפשרות לנקום ברוצחים הנאציים.

בשנת 1943 החלו הגרמנים לחסל את גיטו פרוז׳אני על עשרת אלפי היהודים שנכלאו בתוכו. הנוער שסרב ללכת כצאן לטבח, ניתק את התיל הדוקרני ותחת ברד כדורי מקלעים, התפרץ לכיוון היער. רובם נשארו מוטלים עם גופות מנוקבים, רבים נתפסו בדרכים על־ידי משתפי־פעולה מתושבי המקום, שמסרום לידי הגרמנים. מיעוטם הגיעו אחרי תלאות מרובות ליער ונקלטו לתוך פלוגות הפרטיזנים.

בלילות חושך הם הורידו מהפסים רכבות גרמניות, שהסיעו חיילים וחחמושת לחזית, שיבשו את התחבורה והרגו בגרמנים הרג רב. לעיתים בהיותנו בתפקידי־חבלה סרנו לבתי האיכרים, ואז היה חברי הרוסי ירמאק מפציר בי, שאשאיל לו את מקלעי, למען ישא חן בעיניה היפות של מארינה אהובתו. הוי, איזה מחשבות התרוצצו אז במוחי! הנה תגמר המלחמה וחברי ירמאק יחזור לכפרו, למשפחתו, לאהובהו, למי אחזור אני? מי יצפה לי? למי אני לוחם? אם אזכה למפלתו של היטלר, למי אביא הנצחון? שרשי בעיירתי נגדעו לעד, משפחתי אינה בחיים וכל חברי ניספו. איך קרה הדבר שחיות הטרף הצליחו לטרפם?

בלילות־אופל קרים, כשהפרטיזנים היו יושבים מסביב למדורה בין העצים הסבוכים, מחממים את אבריהם הקפואים ומיבשים את הבגדים הרטובים, היו חברי הרוסים מספרים מעשיות חדורות אמונה ובטחון בחיים שלאחר המלחמה. אנו, הפרטיזנים היהודים, הבטנו בלהבות וראינו לפנינו תמונות שונות לחלוטין. השקט מסביבנו דובב: על הורים, אחיות

ואחים, נשים וטף הפושטים אלינו ידיהם בזעקה מרה „הצילו״! ודמצפון מציק ותובע. לכל אחד נדמה, שהוא נושא בחובו אשמה כבדה. אין הלב נוטה להאמין שהכל אבוד, שנחרץ דינם להימחות מעל פני האדמה... ואמנם רק צללים מסביבנו, צללים הפורחים בלהבות המדורה...

פעם על יד רוז׳אנוי, בשעת קרב חזיתי בשדה פתוח עם הגרמנים, זעק אלי חברי לקרב, פיבל גולדברג מביאליסטוק, בקול רם ביידיש: „הרשל, אל תשאירני, אני פצוע!״ ואני עונה לו גם־כן ביידיש: „פייבל, אל תירא, לא אעזוב אותך!״ וממטיר מטחי־יריות על הגרמנים שבתוך המארב (פייבל גולדברג נמצא כעת בברה״מ). הפעם שמעו הגרמנים לא את קולותיהם החלושים של יהודי הגיטו, אלא קולם של יהודים לוחמים... מטחי־אש ביידיש. השפה היחידה שהגרמנים מפחדים מפניה. ואותם גיבורים „אמיצי־לב״ מול נשים וילדים חסרי־מגן, בורחים מפנינו בבהלה, בכדי להציל את עורם, משאירים את הרוגיהם ומפקירים את פצועיהם...

היטלר עשה את היהודים מיטווח־ירי עבור קלגסיו, אולם היהודים הוכיחו לו, שהמיטווח עונה ביריות. מתוך כל האמור אין להניח, שהפכתי גיבור־חיל. מטבעי, אני רך־לב ואיני ראוי לשבחים...

הראוי לכך — הוא, מורנו, מאיר־מוטל אפשטיין, שלימדני על ספסל הלימודים את תולדות עמנו מתקופות המכבים והקנאים, בר־כוכבא וגיבורים אחרים, אשר חרפו נפשם עבור ארצם ועמם. קול־דמיה של אמי ליווני בקרבות וזעקו לנקמה...

באביב שנת 1944 שלחו אותי בתוך קבוצת־קרב גדולה, בתפקיד חשוב לחזית, לעזרת הצבא הסובייטי. עברנו ברגל מרחק עצום של 300 ק״מ, תוך קרבות בלתי־פוסקים, כחיילים בצבא סדיר.

ברם זה פרק בפני עצמו. דבר אחד אציין. עברתי עם נשק ביד את דרך הנצחון מרובנה עד ברלין ובאופן פעיל עזרתי, בכל כוחי להשמדתה של מכונת המלחמה הגרמנית עד לתבוסתה המלאה של גרמניה. ודאי, שהיטלר לא תיאר לעצמו, „שיהודי גיטו ארורים״, יצעדו עטורי נצחונות ברחובותיהן של ערים גרמניות ויירקו בבוז לתוך פרצופו של „עם האדונים״ וגם יגישו חשבון־דמים נוקב ומר עבור פשעיו המחרידים.

כבר לא אותם הגרמנים הגאים שצעדו למוסקבה אלא פרצופים מכונמים ומזוהמים שאנו משלחים למחנות השבויים. רק תמול הם זעקו: „היל היטלר!״ וקראו להשמדת העם היהודי, וכעת הם כורעים ברך לפני יהודי הגיטו, ומבקשים חסד וחנינה.

הוי, מה גדולה היתה שמחתי, לו יכולתי לחזור לעיירתי הקטנה הורודוק, לאבי, לאמי, ולאחיותי ולאחי, לשכני ולחברי! אולם זה רק חלום יפה... שרידים בודדים נשארו מעיירתנו ועליהם מוטלת חובה קדושה לשמור כעל בבת־העין על המשך קיומו של עמנו. כדי שחוט־השני של יהודים ויהדות לא יינתק חס־ושלום על־ידי שחיטה עולמית חדשה.

# זכרונות פון א קעמפער

פ״ן הערשל דינערמאן (פאריניקטע שטאטן)

שווער איז פאר ניט קיין שרייבער, ברענגען צום אויסדרוק דאס לעבן און אומקום פון א קהילה, נאר איך פיל פאר מיין פליכט אלס אן עד־ראייה צו באשרייבן דאס געשעענע, זאגן קדיש נאך אונזערע נאענטסטע.

הוראדאק, מיין קליין, ארעם שטעטעלע, דו ביסט מיר טייערער פון אלע גרויסע שטעט אין וועלכע איך האב געלעבט. דיינע גאסן ניט ברוקירט און ניט אספאלטירט. קליינע, שמאלע געסעלעך. האלב איינגעפאלענע, ארעמע הייזעלעך מיט איינגעזונקענע פונדאמענטן פון אלטקייט. טעקסטיל פאבריקן מיט הויכע קוימענס. דער טייך סופראסל, וועלכער שניידט דורך הוראדאק, צעטיילט דאס שטעטל אויף די „שטעטלשע־גאסן״ און די „פיאסקעס״ און דינט אויך אלס אן אפפלוס פאר די אומריינע וואסערן פון די פאבריקן.

דאס שטעטל איז פול מיט ארעמע קרעמערס, וואס האנדלען אויף קרעדיט. אונזערע הארעפאשנע טאטעס האבן שווער און ביטער געארבעט פאר דער פרנסה, דאס זעלבע, די אלמנות וועלכע האבן פארלוירן זייערע מענער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיי האבן פארצווייפלט געקעמפט פאר זייער עקזיסטענץ, זייענדיק אויסגעשטעלט מיט זייערע קינדער די יתומים, אויף הונגער און נויט.

אין דעם אנטיסעמיטישן פוילן האט מען א יידן ניט צוגעלאזט צו א מלוכה־פאסטן, האט זיך די יידישע באפעלקע־רונג געקלאמערט ביי די ארעמע פרנסות. אט זע איך, די וועבער ארויסגיין פון די פאבריקן נאך א שווערן טאג ארבעט. סטאליערס, שניידערס, שוסטער, שמידן, מוליארעס, לערער, מלמדים און בעלי־עגלות — מיט גרויס מי האבן זיי פארדינט אויפן שטיקל ברויט צו דערנערן די פאמיליעס און דערציען זייערע קינדער.

נאך א שווערע וואך ארבעט, פרייטיק־צו־נאכט, רוט אויף זיי די שכינה. אויף די טישן, אנגעצונדענע ליכט און א הייליקייט שוועבט אין יעדן ווינקעלע. דער טאטע קומט פון בית־מדרש און מאכט קידוש איבער די צוויי חלות און אין מיינע אויערן הילכט דער געזאנג פון זמירות און דער געפילדער פון די קינדערלעך אויף די שוועלן פון אונזערע הייזקעס, שולן און חדרים.

אין די זומערדיקע פארנאכטן פלעגן די הוראדאקער יינגלעך און מיידלעך שפאצירן געמיטלעך אויף בעלאוויטשער וועג מיט די גרינע לאנקעס וואס הינטער יעדן הויז. וויפל סודות פון ליבע, טרוימען און האפענונגען און אויך קאנספי־ראטיווע שמועסן!

הוראדאקער יונגווארג, אוו ביסטו אהינגעקומען? פון די פינצטערע הייזקעס, באלויכטענע מיט א

קעראָסין לעמפּעלע, האָט אַרויסגעשטראַלט אַ גרויסע ליכט, אַ פּיל גרעסערע ווי פון די הייזער און גאַסן מיט טויזנטער עלעקטרישע לאַמפּן. דאָס איז געווען דאָס ליכט פון לעבעדיקן גייסט וועגן אַ שענער און אַ בעסער לעבן, לויט די שטראַלנדיקע אידעאַלן פון אונזערע גרויסע טרוימער און דענקער.

...דער גייסט און לערע פון אונזערע האַראַדאָקער לערער, מאיר מאַטל עפּשטיין איז ניט געגאַנגען לאיבוד. ניין! ניין! איך וועל פאַר זיך קיין קבר ניט גראָבן אויפן באַפעל פון דעם שונא. אַ טויט דעם דייטש! תמות נפשי עם פלישתים! אַזעלכע מאיר מאַטלס האָט יעדע שטאָט און שטעטעלע און מיר זענען זייערע געטרייע תלמידים. און באַפליגלט מיט זייער גייסט, געפינען מיר זיך אַף איינער דעם אַנדערן אין דעם פינצטערן געטאָ־אונטערערד. מיר שמידן אונזערע לאַזונגען און שאַרפן דאָס געווער. מיר שטעלן דעם שונא אַ ווידערשטאַנד און מיר שלאָגן אים וווּ עס איז נייטיק, ווו דער געטאָ וועט ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַן אינדיווידועלן טעראָר־אַקט קעגן די דייטשן, עווענטועל, מיט אויספירן זייער דראָונג פון פאַרניכטן דעם געטאָ.

אין דעצעמבער 1942, אין אַ פראָסטיקער נאַכט, פאַרלאָזט אַ גרופּע פון 9 יידישע יונגעלייט פון עטלעכע שטעטלעך, דעם געטאָ און מיר גייען אַוועק אין פּרוזשאַנער וואַלד, מיט געווער, וואָס מיר האָבן צוגענומען ביי די דייטשע סאָלדאַטן. דער דראַנג נאָך נקמה, צו זען און דערלעבן זייער סוף, דערמעגלעכט אונז צו באַזיגן די שווערע און ווילדע וואַלד־סטיכיע אין וועלכן עס הילכט אָן אייביקע שיסערייַ פון דייטשישע מאַשין־געווערן. דער וואַלד מיט זיין אייגנאַרטיקן שפּייז, רופט אַרויס פאַרשיידענע קראַנקהייטן. אָבער דאָס קימערט אונז ניט, ווייל מיר זענען דאָך פרייַע מענטשן און אַן געלע לאַטעס אויף דער ברוסט.

דער פּרוזשאַנער געטאָ עקזיסטירט נאָך און פון וואַלד גייען חברים הין און צוריק און האַלטן אַן אַ געהיימע פאַרבינדונג מיטן געטאָ. זיי אָרגאַניזירן די יוגנט, וועלכע זענען געוואָרן עלעקטריזירט פון דער ידיעה, אַז דער וועג צום לעבן פירט דורכן וואַלד און דאָרטן עקזיסטירט אַ מעגלעכקייט פון נעמען נקמה אָן די נאַצישע באַנדיטן. אָבער דער שונא האָט ניט לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך און אין 1943 יאָר, ווערט אויך ליקווידירט דער פּרוזשאַנער געטאָ, אין וועלכן די דייטשן האָבן פאַרשפּאַרט ביז צען טויזנט יידן, אַ העלפט פון זיי, פּרוזשאַנער תושבים. די יונגע חברה, האָבן איבערגעשניטן די דראָטן פון דעם געטאָ־צוים און אונטער אַ האַגל פון דייטשישע קוילן געלאָפן אין דער ריכטונג פון וואַלד. אָבער דער גרעסטער טייל איז געבליבן ליגן, געטראָפן פון די מאַשין־געווערן. פיל פון זיי זענען אויך געכאַפּט געוואָרן אויף די וועגן דורך פּוילישע און ווייסרוסישע פאַשיסטן און אויסגעליפערט געוואָרן צו די דייטשן. אָבער אַ סך פון די אַנטלאָפענע איז דאָך געלונגען, נאָך פאַרשיידענע גילגולים און פאַרפאָלגונגען זיך צו דערקלייבן אין וואַלד און זיך איינצוגלידערן אין די רוסישע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן. אין די פינצטערע נעכט לאָזן זיי אַרונטער דייטשישע עשאַלאָנען, וועלכע פירן צום פראָנט סאָלדאַטן און אַמוניציע. זיי באַפאַלן דייטשן אויף די וועגן און צעשטערן זייער פאַרבינדונג און קאָמוניקאַציע.

אָפטמאָל, ווען מיר גייען אויף דיווערסיע־אויפגאַבעס און מען דאַרף פאַרבייוועגס אַריינגיין אין פויערישע כאַטעס, בעט ביי מיר מיין רוסישער חבר, יערמאַק, מיין מאַשין־געווער און ער גיט מיר זיין ביקסל, דאָס וויל ער זיך אַזוי אויספּיינען פאַר זיין געליבט פויערן מיידל מיט זיין גוטן וואָפן. עך, וואָס פאַר אַ פיינלעכע געפילן דאָס פלעגט ביי מיר אַרויסרופן! דער קריג וועט זיך ענדיקן און מיין חבר יערמאַק, וועט זיך אומקערן צו זיין דאָרף און צו דער פאַמיליע, צו זיינע חברים און צו זיין געליבטער מיידל, אָבער צו וועמען וועל איך קומען? ווער וועט מיך אָפּוואַרטן? פאַר וועמען וועל איך ברענגען מיין זיג? אַז מיין וואָרצל, וואָס איך האָב געלאָזט אין מיין שטעטעלע האַראַדאָק איז אויסגעשניטן, מיין פאַמיליע איז מער נישטאָ, מיינע האַראַדאָקער חברים אומגעקומען. ווי קומט עס, אַז דער היטלער־חיה איז געלונגען אייך צו פאַרצוקן?!

אין די פינצטערע און קאַלטע נעכט, ווען די פּאַרטיזאַנער זיצן ביים גרויסן שייטער, צווישן די געדיכטע ביימער און זיי וואַרעמען די גלידער, און די אייביק נאַסע בגדים און שיך, און די רוסישע חברים דערציילן זיך פאַרשיידענע מעשיות, פול מיט גלויבן און האָפענונגען וועגן דעם שיינעם לעבן נאָכן קריג, זיצן מיר, יידישע פּאַרטיזאַנער, קוקן אַריין אין דעם סודותפולן פייער און זעען פאַר זיך אַ גאַנץ אַנדער בילד. אַן אומהיילבאַרע ווונד נאָגט אין האַרץ, די צייטווייליקע רואיקייט אַרום דעם שייטער, טוט אונז דערמאָנען אונזערע עלטערן, שוועסטער ברידער, פרויען און קינדער, וועלכע שטרעקן צו אונז אויס זייערע הענט מיט אַ וויי־געשריי „ראַטעוועט"! און דער געוויסן פייניקט, יעדן דאַכט זיך אויס, אַז ער האָט ניט געטאָן גענוג, כדי זיי צו ראַטעווען, אַז דאָס איז זיין שולד און עס ווילט זיך אויסשרייען אויפן קול: ווו זענט איר?! פאַרוואָס רופט איר זיך ניט אָפּ?! עס ווילט זיך ניט גלויבן אַז אַלץ איז פאַרלוירן, אָפּגעווישט און אָפּגעמעקט פון דער ערד... בלויז געשפּענסטער אַרום אונז און זייערע געשטאַלטן שוועבן צווישן די פלאַמען פונעם שייטער און די אויגן גליען אין אַש...

איינמאָל נעבן קאָוואַלדע, ביי רוזשאַנאַי, בשעת אַן אָפענע לאַנג־שעהדיקע שלאַכט מיט די דייטשן, פנים אל פנים, אין פרייען פעלד, שרייט צו מיר, מיין מיטקעמפער פייוול גאָלדבערג פון ביאַליסטאָק, הויך אויפן קול אין יידיש: „הערשל, לאָז מיך נישט איבער. איך בין פאַרוווּנדעט"! מיין ענטפער קומט אויך אין יידיש, הויך אויפן קול: „פייוול, איך וועל דיך נישט איבערלאָזן. האָב קיין מורא"! און די זאַלפן פון מיין מאַשין־געווער האַגלען אין דער ריכטונג פון דער דייטשישער זאַסאַדע. (פייוול גאָלדבערג לעבט איצט אין רוסלאַנד) און די דייטשן הערן נייַע יידישע שטימען. נישט קיין נעבעכדיקע שטים פון געטאָ־יידן, נאָר די שטים פון יידישע קעמפער. זאַלפן אויף יידיש, דאָס איז די איינציקע שפּראַך צו וועלכע די דייטשן הערן זיך צו און זיי האָבן מורא פאַר אונז ווי פאַר פייער און די זעלבע דייטשן, וועלכע זענען אַזעלכע העלדן אין די געטאָס, קעגן שוצלאָזע פרויען און קינדער, צעלויפן זיך אין טויט־שרעק, כדי זיך צו ראַטעווען און לאָזן איבער זייערע פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע אויף הפקר.

היטלער האָט געמאַכט פון די יידן אַ לעבעדיקע ציל־



דיפלאָמען פאַר אויסצייכענונגען אין באַפרייען פוילישע שטעט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע

ברעט פאר זיינע סאלדאטן, אבער די יידן האבן זיי איבערצייגט, אז די ציל־ברעט שיסט צוריק. פון די אויבנדערמאנטע עפּיזאָדן איז ניט געדרונגען, אז איך בין געווארן אזא גרויסער העלד. פון דער נאטור בין איך ניט קיין קריגער און עס קומט מיר פאר דעם קיין שבח. ווער עס האט זיך אויף דעם כבוד ערלעך פארדינט, דאס איז אונזער לערער, מאיר מאטל עפּשטיין, וועלכער האט מיט מיר אויף דער שול־באנק געלערנט די יידישע געשיכטע פון די מכבים און קנאים, פון בר־כוכבא און אנדערע יידישע גיבורים, דאס איז אויך געוועזן די שטים פון מיין מאמעס אומשולדיק פארגאסענעם בלוט, וועלכע האט מיך באגלייט אין מיין קאמף און גערופן צו נקמה.

אין פרילינג 1944 יאָר שיקט מען מיך אַריבער מיט אַ גרעסערע גרופּע מיט אַ וויכטיקע אויפגאַבע אויף יענער זייט פראנט, צו הילף דער רויטער ארמיי. עס איז אונז אויסגעקומען דורכצומאכן צופוס א מהלך־וועג פון א 300 קילאמעטער, דורך שווערע, אומאויפהערלעכע קאמפן. און דארטן האט מען אונז מאביליזירט אין די רייען פון דער רויטער ארמיי.

דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. נאָר איינס וויל איך פארצייכענען: איך האב דורכגעמאכט מיט געווער אין האנט דעם זיגרייכן וועג פון ראוונא ביז בערלין און אקטיוו צוגעלייגט א האנט צום צעשמעטערן די דייטשישע קריגס־מאשין, ביז צו דער פולשטענדיקער קאפּיטולאציע פון דייטשלאנד. געוויס האט זיך היטלער ניט געריכט, אז די „פארפלוכטע געטא־יודען" וועלן זיגרייך מארשירן איבער די גאסן פון די דייטשישע שטעט, שפּייען דעם „הערן־פאלק" אין פּנים און צושטעלן זיי א בלוטיקן חשבון פאר זייערע נידערטרעכטיקע פארברעכנס. שוין נישט מער יענע שטאלצע דייטשן, וואס האבן געמארשירט אויף מאָסקווע. נאר שמוציקע און פארלייזיקטע ברואים, וועלכע מיר שיקן אפּ אין געפאנגען־לאגערס. ערשט נעכטן האבן זיי געשריען „הייל היטלער"! און גערופן צו פארניכטן דאס יידישע פאלק און איצטער קניען זיי פאר מיר, דעם געטאָ־ייד, און בעטלען אויס מיין גנאד און רחמנות.

עך, ווי גרויס וואָלט געווען מיין פרייד, ווען איך קען איצט צוריקקערן זיך אין מיין קליין שטעטעלע האָראָדאָק, צו מיין טאטן און מיין מאמען, צו מיינע שוועסטער און ברידער, שכנים און חברים, אבער דאס איז נאר א שיינער חלום... בלויז געציילטע יידן זענען פארבליבן פון אונזער היימשטאט און אויף זיי ליגט א הייליקער חוב, צו פארהיטן דעם המשך פון אונזער פאלק. דער גאלדענער פאדעם, וואס ציט זיך דורך הונדערטער דורות, זאל זיך חלילה ניט איבעררייסן דורך א נייער וועלט־שחיטה.

# ציון לנפש יקרה

מאת **אייזיק בקנשטין** (ישראל)



יעקב בקנשטין נולד בשנת 1901 בהורודוק, כבן־זקונים למשפחה עובדת. אביו ואחיו עבדו בבית־חרושת לאריגים, אולם למרות תנאי העבודה הקשים מצאו פנאי לעסקנות ציונית והיו ממייסדי „אגודת דוברי עברית", כמו כן היו ממבקריה הקבועים של הספריה ואולם־הקריאה בעיירתנו.

יעקב גדל באווירה ציונית רומנטית. את ראשית חינוכו הוא קיבל ב„חדר המתוקן" שלמדו בו עברית בעברית וגם ביקר בבית־הספר הרוסי של וויסנברג. בהגיעו לגיל בר־מצוה גמר את לימודיו בהצטיינות, והמשיך ללמוד בבית־אביו, בהדרכתם של אחיו הבכירים, קרא ספרים לרוב, ושאף בכל לבו לעלות לארץ־ישראל.

אלא שתכניותיו לא נתגשמו, כי פרצה מלחמת העולם הראשונה וב־1915, לאחר פלישת הגרמנים, נסגרו בתי־החרושת ומצב המשפחה היה בכי־רע. יעקב החל לעבד את קרקעות האיכרים שנוטשו, והשדות הניבו יבול רב. סיפוק רב מצא בעבודתו החקלאית, ונהג לומר לאחיו המבוגרים: „שעה שאתם מדברים על ,ציונות', אני כבר עובד בפרוזדורה של ארץ־ישראל".

בשנת 1917 גייסוהו הגרמנים לעבודת־כפייה ביערות. בהיותו עול־ימים, כמעט שכרע־נפל מעבודת הפרך ותנאי־החיים הקשים מנשוא. פעם, כשישב לנוח, נטפל אליו חייל גרמני והרביץ בו בכת רובהו, ולאחר שיעקב החזיר לו מכה, כיוון החייל את רובהו כלפיו ולולא הפועלים שעמדו לצדו, היה כפסע בינו ובין המוות.

בשנת 1920 עלה לארץ־ישראל, והקדיש את 28 שנותיו בארץ לחקלאות. תחנתו הראשונה היתה בשפיה, אצל קרובנו, האיכר זימניבודה, שהתמחה אצלו במשתלת גפנים ועצי פרי. אולם יעקב לא ויתר גם על עיבוד הפלחה. שדותיו של זימניבודה היו בטנטורה ויעקב עם פועל ערבי חרשו וזרעו אותן. יעקב התגורר באוהל ולעתים תכופות חלה בקדחת, אולם קיבל הכל באהבה.

בשנת 1923 עלה להתישבות בכפר יחזקאל. המקום שומם היה וחלקתו היתה זרועה אבני בזלת. בעמל רב סיקל את השטח, הוביל זבל מהכפרים הערביים עפולה ושטה, ומים שאב ממעין עין־חרוד במרחק 2 ק"מ.

לאחר נשואיו עזב את כפר יחזקאל ועבר למגדל. כשהבריות נדו לו על עמלו שהלך לטמיון, ענה בפשטות: „עמלנו לא היה לשווא, האדמה לא תחזור לשיממונה, יעבדו אותה יהודים אחרים".

בשנת 1932 עבר לכפר הס (גוש תל־מונד), תחנתו החקלאית האחרונה, שחי ועבד בה 16 שנה.

על אף בריאותו הרופפת, המשיך יעקב לעבד את אדמתו, ולא רצה בכל עבודה אחרת המתאימה לבריאותו, היות וראה יעוד לאומי בחקלאות. היה מקובל מאד על הציבור הכפרי בגלל יושרו וכנותו, ובמשך זמן מסוים היה מזכיר הוועד בכפר.

לאחר הצהרת האו"ם, התהלך כשיכור ולא מיין, לשמחתו לא היה גבול, כי זכה לראות את חזונו מתגשם לעיניו.

בלילה, עמדנו שנינו במשלט. האויבים ירו עלינו בלי הפוגה. לפנות בוקר החליפונו והלכנו הביתה לפוש קמעה ולהתכונן לליל שימורים הבא, אולם בשעת הצהריים, בצאת יעקב לחצר, פגע כדור ברקתו ובין־רגע „שירת חייו נפסקה". קרה זה ב־14 במאי שנת 1948. מתבוסס בדמו נפל יעקב מול ביתו ונטיעותיו, שהשקיע בהם את מיטב שנות חייו, ו„האדמה הספוגה זעתו, ספגה גם את דמו הקדוש" (כדברי אשתו רחל).

כזה היה יעקב בקנשטין ההורודוקאי בחייו ובמותו.

יהא זכרו צרור בצרור החיים המתרקמים בארצנו!

# זכרונות של אם יהודיה

מאת **פעמטשע פינזילברג** (ארה"ב)

רצונכם לדעת, איך עברה עלי המלחמה? הבה ואספר לכם:

את בעלי הכרתי במחנה־ריכוז, אותו זמן נשארתי גלמודה, ללא קרוב ומודע. הבחין בעלי בחוסר־אוני וטיפל בי כבילדה קטנה. היפלה כינים מראשי, הביא מים לרחוץ את גופי וחסך עבורי מפרוסת לחמו הדלה. אך עד מהרה הפרידו בינינו. אותו שילחו למחנה עבודה ואותי לאושביץ. כשהובילו אותי



אמא, ילד, אבא 1949

ל„סלקציה״, ניבא לי לבי, שמשהו איום עומד לקרות אתי. כל הזמן חקרתי את הבנות: „מה דעתכן, האעבור בשלום את ה„סלקציה״ ואשלח עם הטרנספורט לגרמניה?״ צחקו הבנות והרגיעוני: „את נראית טוב יותר מכולן״. כשהגיע תורי, תפסני ד״ר מנגלה בשד, לחץ בו וכה אמר:

„האַלט! זונה יהודית, הלא את בהריון!״ העמידני בצד ומתח על גבי צלב שחור. אחרי־כן הובילנו, את כל הנשים המסומנות לצריף של רופא נשים, זה האחרון בדקני, והודיע, שאני בחודש הששי להריוני ושלחני אל תא הגז. אולם היות והמשרפות עמוסות היו, נאלצתי לחכות זמן רב לתורי.

אותו לילה הביאו טרנספורט חדש מצ׳כוסלובקיה, וראיתי כיצד בוחרים בנות צעירות, גוזזים שערותיהן, מקעקעים ידיהן ומלבישים אותן כתונות־פסים. משהו דחפני להידחק ביניהן, לבשתי בגד, כיסיתי את מערומי והזרתי יחד אתן למחנה.

ומאז החלה פרשת ענויי. אסירות המחנה חייבות היו כל יום להופיע למנין, אל ה„אפל״, אולם אני נאלצתי להסתתר, מכיוון שמספרי כבר לא התקיים, באופן רשמי הומתתי במשרפה, משום־כך, לא קבלתי את מנת לחמי, וגוועתי אלף מיתות של רעב, אכלתי מכל הבא לידי, את העשב שצמח בין הצריפים. כמו־כן התגוררתי כל יום בצריף אחר. פעם הבחינה אשה נוצריה בשכבי מתחת לספסל ושאלתני, משום מה איני הולכת ל„אפל״? ומכיוון שכבר לא היה מה לאבד, גיליתי לה את סודי. בהאזינה לתלאותי פרצה בבכי מר וסיפרה לי, שהיא רוסיה מסמולנסק ופרטיזנית פעילה. בעת מצור נפלה בשבי הגרמנים, את ילדיה הטביעו בנהר ואותה היגלו לאוש־ ביץ. בראותה את מצבי הנואש, הבטיחה שתעשה הכל, בכדי להצילני. תפקידה היה „שטובאווע״, כלומר: האחראית על נקיון הצריף, פעם ביום חילקה אוכל וגנבה מזון בשבילי ובאופן זה סייעה לי שלא אגווע ברעב.

כעבור זמן־מה נצטוונו לעזוב את המקום. יום תמים הוחזקנו כלואות ממש על מנעול ובריח בתוך הצריפים ואחרי־ כן הוציאונו מן המחנה עם הטראנספורט האחרון. יומם ולילה בוססנו בגשם ובשלג. החורף היה קר וגשום, ואנו ערומות ויחפות. שנינו, אני ונינה, נמצאנו תמיד יחדיו. אסרו עלינו לעמוד ולו לרגע אחד, המפגרת נורתה. כל הזמן דרכנו על גופות מתים וכשאזלו כוחותי ולא יכולתי לזוז, קרעה נינה שמיכה, קשרתני אליה וסחבה אותי בשארית כוחותיה.

פעם נוכחתי במראה מחריד: אשה פולניה שאחזוה חבלי־ לידה, נורתה למוות והושלכה לתוך השלג.

500 קילומטרים הלכנו ברגלים חולות וקפואית עד שהגענו לגרמניה, שם העמיסו אותנו כבהמות על קרונות פתוחים והסיעונו למחנה רבנסברוק, לתוך צריפים בלתי מוסקים. מצבנו ברבנסברוק היה איום ונורא, לא לחם לאכול ולא מים לשתות, ונוסף לכך היה גופנו התשוש מכוסה פצעים. עירומה כביום הולדתי עמדתי בחוץ שעות רצופות וגרדתי בשלג את הכינים מגופי. חדשיים בילינו במחנה זה, עד שהעבירונו, שלשת אלפים נשים, למחנה יותר קטן מלכוב — מקלנבורג לבית־חרושת לנשק. יום־יום נאלצנו לצעוד 15 מיל לעבודה, הלוך וחזור, אולם נינה היתה תמיד על ידי, וטיפלה בי כאם מסורה. בלעדיה לא הייתי נשארת בחיים, כי הפכתי „מוזלמן״, כלומר: שלד־אדם מצופה עור דק. ומה מוזר הוא, כי למרות הריוני, לא הרגשתי בילד בבטני. סוף־סוף, באחד הערבים, אחזוני צירי־לידה וכל הלילה נקרעתי לגזרים ממכאובים. הנשים ששכבו באותו צריף קללוני קללות נמרצות, אולם נינה, לא נטשה אותי אף לרגע אחד, סייעה בשעת הלידה וקבלה את התינוקת כשפקחתי את עיני, בשרתני, כי ילדתי בת. הצצתי סביבי וראיתי חדר מלא אנשי גסטפו, גברים ונשים. גרמניה שמנה החזיקה את הפעוטה ואמרה: „יופי של פופכן״! הם לקחו את התינוקת למטבח ושקלוה. משקלה היה כשני פונט. למחרת גרשוני הגרמנים ל„אפל״ ולעבודה בבית־ החרושת ובשובי למחנה נאלצתי שוב לעמוד ב„אפל״. בהכנסי לצריף בטוחה הייתי שהם רצחו את התינוקת, אולם להפתעתי, הרבה ראיתיה מוטלת מעורטלת על משכבי. נטלתי את הפעוטה בין זרועותי ופרצתי בבכי מר: „מה אעשה עם פעוטונת עירומה זו? ואיך אקיימה בחיים? פשטתי את כותונתי וקרעתיה לחי־ תולים, וגמאתי מים מלוא הכרס, כדי שיהיה לי די חלב להנקתה. בלכתי לעבודה, השארתי את הפעוטה על המדף וכל הלילה עד אור השחר הינקתיה. באחד הימים הופיע איש הגיסטפו בלווית מפקד המחנה ושאלני אם אני יהודיה, אולם טרם הספקתי לענות וידידותי הרוסיות ענו במקומי, כי אני רוסיה מסמולנסק. היות והתיקים שלנו נשארו באושביץ, שוכנעו הגרמנים ולא הטרידונו יותר. כך חלפו שלושה חדשים, מיום הולדתה של בתי, ב־26 בפברואר ש. 1945.

בוקר אחד נגש אלי מפקד המחנה ושאלני: אם אומר עליו משהו טוב לאחר גמר המלחמה? ידוע לו, שאני יהודיה, אולם החליט להשאירני בחיים, מכיוון שהמלחמה מתקרבת לסיומה וחזר וביקשני להמליץ עליו בשעת הדחק, ולספר בשבחו, היינו, כי הצילני ממוות בטוח.

כעבור זמן קצר נתקבלה הפקודה לנטוש את המחנה, ושוב יצאנו לדרך בלתי נודעת. מכל הצדדים הפגיזונו והפצי־ צונו והגרמנים נסו כעכברים מורעלים. שעתם דחוקה היתה ולא הספיקו לחסלנו, לפיכך הריצונו לכיוון הים, על מנת להעלותינו על ספינות רעועות ולהטביענו.

בשעת הפסקת מנוחה באחד היערות, הובילה נינה אותי ואת ילדתי לבין השיחים ומשם נמלטנו על נפשנו.

לפנות בוקר נקשנו בפתח בית גרמני ובקשנו פרוסת לחם ולגימת מים. אולם הגרמנים גרשונו ואותו דבר קרה ביתר

הבתים, עד שהגענו לבקתה דלה, שהתגורר בה זקן מופלג עם בתו וארבעת ילדיה. הישיש נטל ממני את התינוקת, השליך לתוך התנור את סחבותיה המזוהמות, פקד על בתו שתשים דוד מים על הכיריים, רחץ אותה, הלבישה כותונת נקיה והגיש אל פיה בקבוק חלב חם. דבר דומה עשה אתנו, בישל עבורנו דיסת חלב, והתרה בנו, שלא נרבה באכילה, מחשש רעבוננו הממושך.

מיום ליום תכפו ההפצצות. הישיש עם בני משפחתו נמלטו היערה וכמובן שאנו לא פיגרנו אחריהם. כך שהינו ביער ימים מספר, עד שהתינוקת חלתה בדיזנטריה.

בצאתנו את היער מצאנו מקלט בבית נטוש. נסתגרנו בו תחת מנעול ובריח למשך זמן ממושך, עד שראינו מתוך סדק את חיל־החלוץ הרוסי. בשמחה שלא תתואר רצנו לקראת החיילים ונפלנו על צוואריהם. אולם הם יעצונו לא לשמוח יתר על המידה ולהסתתר עד לבואו של החייל הסדיר.

וכך היה. רק כעבור זמן, לאחר שקוו החזית נתרחק, נשתחררנו סוף־סוף מתוך מלתעותיה של החיה הנאצית האיומה.

שבוע לאחר שיחרורנו, שרכנו דרכנו בעגלה המובילה לפולין, הביתה לכיוון ביאליסטוק. לאחר שהוהנו שבועות מספר בביאליסטוק נפרדה ממני ידידתי היקרה נינה ונסעה לארץ מולדתה — רוסיה.

תשעה חדשים נשארתי בביאליסטוק, וכל אותו זמן ישבתי ליד מיטת בתי שחלתה קשה. יום־יום נדמה היה לי, שהנה אני מאבדת את ילדתי, שהצלחתי לחלצה משבעה מדורי־גהינום. אולם הכל־יכול לא נטש אותי בעת צרה והציל את ילדתי ממחלתה האנושה.

פעם אחת, בשעת בוקר מוקדמת, נקישות על דלת דירתי. משפחתי ראיתי את בעלי עומד על המפתן...

כן, כן, חוויות כאלה אין למסור במלים...

היום בתי היא בת 18 והנה נערה נאה ומלאת חיים. אני, בעלי ובתנו היחידה חיים חיי משפחה מאושרים. אולם, כל אחד מאתנו זוכר את הזוועות שנתנסינו בהם. באשר לי? אני גאה על כך, שילדתי הנה ילדת המחנה, טיפחתיה וגידלתיה בתנאים איומים והצלתי חייה מתוך צפרני השטן המזוהמים של מנגלה והאיכמנים למיניהם.

זאת ועוד: לעולם אזכור בתודה עמוקה, את האנשים הרוסים הפשוטים, שהסתירו אותי בתוך המחנה ופרסו מפת לחמם הדלה למען קיומי ובמיוחד נתונה תודתי לידידתי המסורה ביותר, נינה — האשה הגיבורה מעיר סמולנסק.

## זכרונות פון א יידישער מאמע

פון **פעמטשע פיינזילבערג** (פאַרייניקטע שטאַטן)

איר ווילט וויסן, ווי אזוי איך האָב אדורכגעלעבט די קריג? וועל איך אייך דערציילן:

מיט מיין מאַן האָב איך זיך באקאנט אין אן ארבעטס לאגער. צו יענער צייט בין איך שוין געבליבן אַליין אויף גאָטס וועלט, האָט מיין מאַן דערזען מיין הילפלאָזיקייט און מיך געניאנטשעט ווי א קליין קינד. אראָפּגענומען די לייז, געטראגן וואסער, געוואשן און אָפּגעשפּאָרט פאר מיר פון זיין אייגענעם ביסן ברויט. אָבער עס איז געקומען דער מאָמענט, ווען מען האָט אונז צעשיידט. אים אַוועקגעשיקט אין אן אנדערן ארבעטס־לאגער און מיך — קיין אוישוויץ. ווען מען האָט גענומען אויף א סעלעקציע, האָט מיר געזאָגט דאס הארץ, אז עס האלט מיט מיר ניט גוט. איך האָב געהאַלטן אין איין פרעגן: „מיידלעך, טייערינקע, איך וועל די סעלעקציע אדורך בשלום און מען וועט מיך שיקן קיין דייטשלאנד?" האָבן די מיידלעך געלאכט און בארויקט, אז איך זע אויס בעסער פון זיי אַלעמען. ווען עס איז געקומען מיין ריי, האָט דער דאקטאָר מענגעלע, מיך פאר דער ברוסט אָנגענומען, א קוועטש געטאָן און אזוי געזאָגט:

— „האַלט! יידישע הור, דו ביסט דאך שוואנגער!" אוועקגעשטעלט אן אַ זייט און אָנגעצייכנט אַ שווארצן קרייץ אויף מיין פּלייצע. דערנאָך, האָט מען אלע אָפּגעצייכנטע פרויען אוועקגעשיקט אין אַן אַנדער באראק, אין וועלכן, א דאקטער־גינעקאָלאָג האָט מיך אונטערזוכט און געמאָלדן, אז איך שוואנגער אין זעקסטן מאָנאַט און דערנאָך אוועקגענומען צום פארגאזן. אָבער היות די קרעמאטאָריעס האָבן געאַרבעט טאָג און נאכט, איז מיר אויסגעקומען צו ווארטן א לאנגע צייט אויף מיין טויט.

די זעלבע נאכט, האָט מען געבראכט א טראנספּארט יידן פון טשעכאָסלאָוואקיע און איך האָב דערזען, אז מען קלייבט אָפּ יונגע מיידלעך פון טראנספּארט, מען שערט אָפּ די האָר, מען טאַטואירט נומערן אויף די הענט און מען טוט זיי אָן אין קליידער מיט פאסן. עפּעס האָט מיך א שטויס געטאָן זיך אריינצובאקומען צווישן זיי. איך האָב געקראגן א קלייד און צוזאַמען מיט זיי זיך צוריקגעקערט אין לאַגער.

און דא האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע צרות. אין לאגער האָבן זיך אלע געמוזט שטעלן צום אפּעל, אָבער איך האָב מיך יעדן טאָג געמוזט אויסבאהאלטן, ווייל מיין נומער האָט שוין ניט עקזיסטירט. פאָרמעל פארגאזט געווארן און פון לאַנג פאַרברענט אין קרעמאַטאָריע. און דערפאַר ניט באַקו־מען מיין פּאַרציע ברויט. בין איך טויזנט מאָל אין טאָג געשטאָרבן פון הונגער און געגעסן דעם גראז, וואס איז געוואקסן צווישן די באראקן. איין מאָל, האָט מיך א קריסט־לעכע מיידל דערזען ליגן אונטער א באנק, האָט זי א פרעג געטאָן, פארוואס איך גיי ניט צום אפּעל? ניט האָבנדיק וואס צו פאַרלירן, האָב איך איר דערציילט דעם אמת וועגן זיך. האָט זי זיך צעוויינט פון רחמנות צו מיר. זי איז געווען א רוסישע פרוי פון סמאָלענסק, אן אקטיווע פארטיזאנקע. בשעת אַן אַבלאַווע, איז זי אריינגעפאלן צו די דייטשן, וועלכע האָבן אירע קינדער דערטרונקען אין טייך פאַר אירע אויגן און דערנאָך פארשלעפּט קיין אוישוויץ. דערזעענדיק מיין לאגע, האָט זי צוגעזאָגט, אז זי וועט אלץ טאָן, כדי מיך צו ראטעווען. זי איז געווען די „שטובאָווע", ד. ה. געהאַלטן אָרדענונג אין באראק און איינמאָל אין טאָג פארטיילט עסן. פלעגט זי גנבענען שפּייז פאר מיר.

איין מאָל איז אָנגעקומען א באפעל זיך צו עוואקוירן. האָט מען אונז א גאנצן טאָג געהאלטן פארשפּארט אין די

באַראַקן און דערנאָך אַרויסגעפירט פון לאַגער מיטן לעצטן טראַנספּאָרט. טאָג און נאַכט האָט מען אונז געטריבן באָרוועס און נאַקעט, דורך רעגן און שניי. דער ווינטער איז אויסגעפאַלן זייער אַ שווערער, אָבער מיר ביידע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. מען האָט ניט געטאָרט שטיין בלייבן אויף אַ מינוט, ווייל די דייטשן פלעגן שיסן אין די אָפּגעשטאַנענע. האָבן מיר די גאַנצע צייט געטראָטן אויף טויטע מענטשן און ווען איך האָב שוין ניט געקענט גיין, האָט נינאַ צעריסן אַ קאָלדרע, צוגעבונדן מיך צו זיך און געשלעפּט אויף כּוח. איין מאָל האָב איך געזען אַזאַ בילד: אַ פּוילישע פרוי האָט פּלוצלינג באַקומען געבורט־ווייען און געגאַנגען צו קינד אויפן שניי. די דייטשן האָבן זי דערשאָסן אויפן אָרט. 500 מייל האָבן מיר זיך אַזוי געשלעפּט, ביז דייטשלאַנד. דאָרטן האָט מען אונז אָנגעלאָדן ווי בהמות אויף אָפענע פּלאַטפאָרמעס, אַריבערגעשיקט אין לאַגער ראַווענסברוק, און אַריינגעטריבן אין ניט געהייצטע באַראַקן. אונדזער לאַגע איז געווען אַ שרעקלעכע. די קערפּערס באַשלאָגן מיט קרעץ און די לייז האָבן אונדז געפרעסן לעבעדיקערהייט. ניט קיין ברויט צום עסן, ניט קיין וואַסער צום טרינקען. מוטער־נאַקעט פלעג איך שעהן־לאַנג שטיין אינדרויסן און זיך געוואַשט מיט שניי. צוויי מאָנאַטן זענען מיר געווען אין לאַגער, ביז מען האָט אַוועקגענומען 3 טויזנט פרויען קיין מעלעכאָוו־מעקלענבורג צו אַרבעטן אויף אַן אַמוניציע־פאַבריק. יעדן טאָג איז אויסגעקומען צו גיין 15 מייל צו דער אַרבעט אַהין און צוריק. נינאַ האָט מיך באַהאַנדלט ווי אַ מאַמע. אָן איר וואָלט איך ניט געבליבן ביים לעבן, ווייל איך בין געווען אַ „מוזעלמען״, דאָס הייסט: אַ לעבעדיקער מת. און מערקווירדיק, טראָץ דער שוואַנגערשאַפט, האָב איך ניט געפילט דאָס קינד. ענדלעך, איין מאָל אַ זונטיק פאַרנאַכט, האָב איך באַקומען געבורט־ווייען און פון זיך געריסן שטיקער. די פרויען, פון זעלבן באַראַק, האָבן געשאָלטן מיט טויטע קללות, אָבער נינאַ האָט ניט אָפּגעטראָטן פון מיר און אָפּגענומען דאָס קינד. ווען זי האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז איך האָב געבוירן אַ מיידעלע, האָב איך מיר אומגעקוקט און דערזען אַ פולן באַראַק מיט געשטאַפּאָ, מענער און פרויען. אַ דייטשקע האָט געהאַלטן מיין קינד אויף אירע הענט און אַזוי געזאָגט: „איין שענעס פּופּכען!״ זיי האָבן דאָס קינד אַוועקגעטראָגן מיט זיך און שפּעטער געבראַכט צוריק. זי האָט געוויגן קנאַפּע צוויי פונט. אויף צומאָרגן האָבן מיך די דייטשן אַרויסגעיאָגט צום אַפּעל און געצוווּנגען אַרבעטן אויף דער אַמוניציע־פאַבריק און צוריקקערנדיק פון דער אַרבעט, אויפדאָסניי זיך שטעלן צום אַפּעל.

איך בין געווען זיכער, אַז זיי האָבן מיין קינד שוין דערהרגעט. אָבער קומענדיק אין באַראַק, האָב איך זי דערזען אַ נאַקעטע אויף מיין געלעגער. איך האָב דאָס עופעלע אַריינגענומען אין מיינע אָרעמס און זיך צעוויינט מיט ביטערע טרערן: „וואָס טוט מען מיט אָט דעם נאַקעטן נפשל?״ מיין העמד צעריסן אויף ווינדעלעך און געטרונקען וואָס מער וואַסער, כּדי צו האָבן מיט וואָס צו זויגן.

אַ גאַנצן טאָג פלעג איך דאָס פּיצעלע איבערלאָזן אויף דער נאַרע און נאָך דער אַרבעט געגעבן דאָס ברוסט אַ גאַנצע נאַכט. ביז עס איז אַמאָל אַראָפּגעקומען די געסטאַפּאָ מיטן לאַגער־פירער בראַש און מיך געפרעגט: צי איך בין אַ יידישע? אָבער איידער איך האָב באַוויזן אָפּצוענטפערן, האָבן מיינע רוסישע פריינדינס זיך אַריינגעמישט און געזאָגט, אַז איך בין אַ רוסיש מיידל פון סמאָלענסק און איך שטאַם פון אַן עכט רוסישער משפּחה. און היות, אונדזערע קאַרטאָטעקעס זענען איבערגעבליבן אין אוישוויץ, האָבן זיך די דייטשן געלאָזט איינרעדן. אָט אַזוי זענען אַדורך דריי מאָנאַטן זינט מיין טאָכטערס געבורט, דעם 26־טן פעברואַר 1945 יאָר.

אַ געוויסן פרימאָרגן, איז צו מיר צוגעקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט און געפרעגט, צי איך וועל וועגן אים זאָגן אַ גוט־וואָרט נאָכן קריג? ער ווייסט אַז איך בין אַ יידיש־קינד, נאָר ער וועט מיך לאָזן לעבן, ווייל דער קריג גייט צו ענדע און ער בעט נאָר, אַז איך זאָל פאַר אים זיין אַ מליץ־יושר אין אַ נויטפאַל, נאָך דער מלחמה און דערציילן, אַז ער האָט מיך געראַטעוועט פון טויט צוזאַמען מיט מיין קינד.

אין קורצן איז געקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דעם לאַגער און מיר האָבן ווידער אַוועקגעשפּאַנט צופוס. פון אַלע זייטן האָט מען געשאָסן און באָמבאַרדירט, און די דייטשן זענען געלאָפן ווי פאַרסמטע מייז. אָבער זיי האָבן שוין ניט געהאַט קיין צייט אונדז צו פאַרברענען, האָבן זיי אונדז געטריבן צום ים, מיט דער כוונה, אַרויפזעצן אויף אַ צעשעדיקטער שיף און דערטרינקען. איין מאָל בשעת אַן אָפּרו־פּויזע אין אַ וואַלד, האָט מיך נינאַ אַוועקגעפירט אין די קוסטעס און מיט דאָס קינד אויף דער פּלייצע איינגעפּאַקט אין אַ לייזיקן קאַצל, זענען מיר אַנטלאָפן. ווען עס האָט גענומען שאַריען אויף טאָג, האָבן מיר אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון אַ דייטשישער שטוב און געבעטן אַ ביסן ברויט און אַ טרונק וואַסער. אָבער די דייטשן האָבן אונדז אַרויסגעטריבן. האָבן מיר זיך ווייטער געשלעפּט און זיך דערשלאָגן ביז צו אַן אָרעמער הייזקע, אין וועלכער עס האָט געוווינט אַן אַלטער מאַן מיט זיין טאָכטער און אירע קינדער. ער האָט צוגענומען מיין קינד, אַרונטערגעוואָרפן פון איר דעם שמוציקן קאַץ און אַנטבלויזט איר קערפּער וועלכער איז געווען פול מיט וווּנדן פון די לייז. אָפּגעקאָכט הייס וואַסער, זי אויסגעבאָדן, אָנגעטאָן אין אַ ריינער העמדעלע און צוגעטראָגן צו איר מיילעכל אַ פלעשל מיט מילך.

דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיט אונדז. פאַרקאָכט אַ גריץ, אָבער געוואָרנט, זיך ניט צוכאַפּן צו דער אכילה, צוליב אונדזערע פאַרדאַרבענע געדערעם.

וואָס אַמאָל איז געוואָרן ערגער מיט די באָמבאַרדירונגען און דער אַלטיטשקער מיט זיין טאָכטער און די אייניקלעך, זענען אַנטלאָפן אין וואַלד. נאַטירלעך, אַז מיר האָבן זיי נאָכגעפאָלגט ביז מיין קינד איז שווער קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע.

אַרויס פון וואַלד האָבן מיר זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ פאַרלאָזטע שטוב, זיך פאַרשלאָסן הינטער טיר און טויער און זיך אויסבאַהאַלטן אַ היבשע צייט, ביז איינמאָל דערזען דורך אַ שפּאַרע די רוסישע „ראַזוועדקע״. מיט אַ ווילדער פרייד זענען מיר צוגעפאַלן צו די סאָלדאַטן... אָבער די רוסן האָבן אונדז געראָטן, זיך ווידער אַמאָל באַהאַלטן אינעם הויז, ביז עס וועט אָנקומען די רעגולערע אַרמיי.

אַ וואָך נאָך דער באַפרייאונג, האָבן מיר זיך שוין געשלעפּט אויף אַ וואָגן, אויף די פּוילישע וועגן, צו זיך אַהיים, קיין ביאַליסטאָק. נאָך צוויי וואָכן פאַרברענגען אין

ביאליסטאָק, האָט מיין בעסטע פריינדין, נינא, זיך געזעגנט מיט מיר און אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד.

ניין מאָנאַטן בין איך פאַרבליבן אין ביאַליסטאָק. די גאַנצע צייט האָב איך פאַרבראַכט ביי מיין קינד, וועלכע איז שווער קראַנק געווען. יעדן טאָג האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט פאַרליר איך מיין קליין מיידעלע, וועלכע איך האָב אַדורכגעטראָגן דורך שבעה מדורי־גהינום, אָבער גאָט האָט מיר געהאָלפן און געראַטעוועט פון איר געפערלעכער קראַנק־הייט.

איין מאָל, אַכט א זייגער אין דער פרי, האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר. אויפגעעפנט, האָב איך דערזען מיין מאַן שטיין אויף דער שוועל...

יאָ. יאָ. אַזעלכע איבערלעבונגען לאָזן זיך ניט איבער־דערציילן!

מיין טאָכטער איז איצט 18 יאָר אַלט און זי איז א שיינע און א לעבנסלוסטיקע מיידל. מיין מאַן מיט מיר און אונזער איין און איינציקע טאָכטער לעבן א גליקלעך משפחה־לעבן. אָבער יעדער איינער פון אונז, געדענקט די אַדורכגעלעבטע גרוילן. וואָס שייך מיר? שטאַלציר איך מיט דעם פאַקט, וואָס איך האָב געבוירן אין לאַגער א קינד, דערנערט און געהאָ־דעוועט אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען, דורכגעטראָגן זי, דורך די גרעסטע געפאַרן און אָפּגעראַטעוועט איר לעבן פון מענטשעלעס און אייכמאַנס מערדערישע הענט.

און נאָך א זאַך: איך וועל אייביק דערמאָנען מיט דער גרעסטער דאַנקבאַרקייט די פשוטע רוסישע מענטשן, וועלכע האָבן מיך אויסבאַהאַלטן אינעם לאַגער און זיך געטיילט מיט מיר מיטן ביסן ברויט. און ספּעציעל, מיין האַרציקע פריינדין נינא — די העלדישע פרוי פון סמאָלענסק.

# איך געזעגן זיך מיט האַראַדאַק

פון **עלקע וואָלינסקאַ** (פאַריינינקטע שטאַטן)

1958 יאָר. איך בין דאָס לעצטע יידישע מיידל אין אונזער שטעטל. אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער טרויעריקער גורל, צו אָפּשליסן די פיל הונדערט־יאָריקע געשיכטע פון יידישן קיום אין האַראַדאַק.

עס איז געווען זייער פיינלעך זיך צו געזעגענען מיט די עטלעכע שמאָלע געסעלעך, אין וועלכע איך האָב ניט מער געטראָפן קיין איין לעבעדיקן נפש. איך האָב מיך פאַרהאַלטן נעבן רודיס געביידע און זיך אַרומגעקוקט, טאָמער וועל איך דאָך טרעפן עמעצן פון מיינע נאָענטע און חברים. אָט אין דעם הויז האָט אונזער דראַמקרייז, אונטער יוסף אַבראַמיצקיס רעזשי, אויסגעפירט יידישע פיעסן פון דעם אַלטן און נייעם רעפּערטואַר. אינעם קרייז האָבן געמומען אן אַקטיוון אָנטייל: ישראל טשיזשיצקי, יוסף שאַפּירא, רייזל שמן, חנה גבאי, סלאַווע וואָלינסקאַ, מערי סטאַניסלאַווסקאַ און אַנדערע אַקטיאָרן־ליבהאָבער, וועלכע האָבן געווידמעט אן א שיעור כוחות און צייט דער סצענישער קונסט.

עס דערמאָנט זיך אָן דאָס אויפפירן פון די פיעסן: שולמית, צוויי חברים, דער בלינדער מאַלער, קרייצער סאָנאַ־טע, די שחיטה, יאָקל דער שמיד, 200 טויזנט א״א, וועלכע מיר פלעגן שפּילן אין האַראַדאַק און אויך אַרויספאָרן אויף דער פּראָווינץ, אין די נאָענטע און ווייטע ישובים.

וואָס פאַר א יום־טוב עס איז געווען אין שטעטל, ווען אויף דער בינע האָבן דעביוטירט די יונגע אַמאַטאָרן: לאַהקע שוואַרצבאָרד, חיה שיפּיאַצקע, לייזער שמן, חיים קאַלעקאַ און איך אויך בתוכם, אין דער פּיעסע „נחת פון קינדער״, אונטער דער לייטונג פון משה שמן. צוויי טעג פאַר דער פאָרשטעלונג, האָט מען אויספאַרקויפט אַלע בילעטן. אונזער שפּילן האָט זייער שטאַרק אויסגענומען ביים פּובליקום, וועלכער האָט אונז באַדאַנקט מיט הויכע אַפּלאָדיסמענטן.

יאָ. יאָ. עס דאַכט זיך מיר, אַז די 18 יאָר זענען אַדורך ווי א חלום מיט וועלכן איך געזעגן זיך איצט אויף אייביק... און עס קומען אָן פרישע זכרונות:

1939 יאָר. די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען האַראַדאַק. און באַלד אויפצומאָרגן, האָט אָן אָטעם געטאָן אויף אונז מיט א גאַנץ נייעם, פרישן לעבן. עס האָבן זיך אויסגעלייטערט די פנימער און אויסגעגליכן די אויסגעקרימטע רוקנס. יעדער איינער, אָן אונטערשייד אַ ייד אָדער א קריסט, האָט באַקומען אַרבעט און אַלע האָבן זיך גענומען אויסצובעסערן דעם פאַרזענלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. מענטשן פון פאַר־שיידענע איבערצייגונגען און פאַרטייען, ווי: זביגנאַוויטש, יעקב קווינטמאַן, יוסף שאַפּירא, דער לערער מאַריינע, אַבראַמיצקי יוסף, האָבן צוזאַמען מיט יצחק פרענקעל, מאָטל מאַריינע, מאיר און משה מלמד, א סך פון זיי פּראַגרעסיווע טוער, וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן פון די תפיסות, האָבן זיך א נעם געטאָן צו קולטור־דערציערישער און געזעלשאַפטלעכער אַר־בעט. מערע בראָטמאַכער האָט אָרגאַניזירט די יידישע פאָלקס־שול און איך, מיט נאָך חברים, האָבן געעפנט די ערשטע קינדער־היים אין האַראַדאַק, פאַר קינדער פון יידישער און



די ערשטע קינדער־היים פון יידישע און קריסטלעכע קינדער 1940־41

קריסטלעכער אָפּשטאַמונג — וועלכן די גאַנצע באַפעלקערונג האָט אויפגענומען מיט דער גרעסטער פרייד. ווי דורך א כישוף זענען פארשוווּנדן אלע אונטערשיידן צווישן ייד און קריסט. אַן צווייפל! דאָס זענען געווען די שענסטע יאָרן פון דעם הארעדאקער ישוב. לײדער האָט עס אַנגעהאַלטן ניט לאַנג. און עס פארגעדענקט זיך:

אין יאָר 1941, פאר דעם דייטשישן איבערפאל אויפן סאוויעטן־פארבאנד, געפין איך מיך אויף א קורס אין מאָהי־לעוו, אַווו איך האָב באַקומען די ידיעות וועגן דעם אָנפאַנג פונעם שרעקלעכן סוף פון מיין טייערער היים. זייענדיק 19 יאָר אַלט, ווייט פון דער משפחה, לויף איך אונטער א האָגל פון באָמבעס, פון שטאָט צו שטאָט, אַלץ ווייטער און ווייטער פון מיין געבורט־שטעטעלע און מיין הארץ ווערט צעריסן פון בענקשאַפט און זאָרג נאָך מיינע עלטערן, חברים און פריינט. אָן געלט און אָן זאַכן, ווו געטאָגט דאָרט ניט גענעכטיקט. נאָר ווי זאָגט דאָס רוסישע פאָלקס־ווערטל: „צווישן רוסן וועסטו ניט פארלוירן גיין". און טאַקע אַזוי איז עס געווען. אומעטום האָט מען מיך אויפגענומען ווי אַן אייגענע. זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן ברויט. קיינמאָל האָב איך ניט געפילט אַז מיין ייִדיש פנים זאָל אַרויסרופן אומצופרידנקייט, להיפך, זייער גאַסטפריינטלעכקייט האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ.

אין 1942, ווער איך מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי און געשיקט אויפן פראָנט. אין אַ שווערער שלאַכט מיטן שונא, ווער איך פאַרוווּנדעט. אָבער מיין יונגער אָרגאַניזם קומט שנעל צו זיך און איך קער זיך אום צוריק אין דער ארמיי צו מיינע קאַמפּס־חברים. דאָס מאָל אויפן ווייסרוסישן פראָנט, וועלכער האָט זיך געריקט שנעל פאָרויס אויף מערב, אַלץ נאָענטער צו הארעדאַק.

מיין האַרץ האָט ווילד געפלאַטערט אין מיין ברוסט, ווי אַ פויגל וואָס רייסט זיך פונעם שטייג. אָט־אָט שפרינגט זי אַרויס אויף דער פריי. נאָר גיך, עך ווי גיך, האָט גענומען א שנעלער סוף צו מיין אומגעצוימטער פרייד. דאָס, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגן, איז געווען דאָס ערגסטע, וואָס מען קען זיך פאַרשטעלן אין דעם שרעקלעכסטן חלום. אַ ביטערע ווירקלעכקייט פון חורבן און אומקום, וועלכע איז גרויליקער פאַר דעם אימהדיקסטן קאָשמאַר!

און איצט געזעגן איך זיך מיט הארעדאַק און דאָס מאָל, אויף אייביק.

# שנפלו בקרב

מאת **משה סימיון (שמן)** (ישראל)

## גרישה לונסקי

גרישה לונסקי נולד ב־1912 בהורודוק. מילדותו הצטיין גרישה בלימודיו, מרבית זמנו הקדיש לקריאת ספרים ומיעוטו לבילוי. גרישה גמר בהצלחה רבה את בית־הספר העברי והמשיך לימודיו בבי"ס תיכון „תרבות" בביאליסטוק. מצבו הכלכלי היה בכי רע, את שעות היום הקדיש ללימודים ובערבים עבד לקיומו. אך עם זאת ואף־על־פי־כן מצא פנאי להגיש עזרה לאלה מחבריו שפיגרו בלימודיהם. כעבור זמן, אף אירגן חוג בלתי־ליגלי ללימודי ה„מטריאליזם ההיסטורי".

בעניין רב עקב אחרי ההתפתחות הפוליטית בעולם וגילה פעילות רבה בהפגנות שנערכו נגד הממשלה הפאשיסטית אנדקית של ה„שליאַכטה", שִשלטה אז בפולין.

בתקופות החופש נהג לחזור לעיירת־מולדתו הורודוק. אולם גם כאן לא נח אלא התמסר לפעילות אירגונית ופוליטית בעיקר במסגרות חוגי פועלי החרושת. אפילו סניף „החלוץ" בהורודוק, היה נוהג להזמינו להרצות על נושאים שונים, למרות השקפותיו השמאליות.

לאחר שגמר את ביה"ס התיכון נתקבל כסטודנט לאוניברסיטה בורשה. תנאיו הכלכליים כסטודנט לא היו טובים מאלה כגימנזיסט, ברם רצונו העז עמד לו גם הפעם והוא סיים את האוניברסיטה בתואר „מוסמך לפילולוגיה".

ב־1941 בהיות ביאליסטוק תחת שלטון סובייטי, כיהן כפרופסור לפילולוגיה בבית־ספר תיכון עירוני, והיה מקובל מאד על הבריות.

לאחר ה־22 ביוני 1941, כשביאליסטוק הוקפה על־ידי הגרמנים, אירגן גרישה פלוגת לוחמים מזויינת, שפרצה את המצור והגיעה ליערות, כדי להילחם באויב. לא פעם כיתרו הגרמנים את היער, בכדי להשמיד את „פלוגת לונסקי" אולם הם נאלצו לסגת לנוכח מלחמתם הנמרצת של הנתקפים.

בשנת 1943 התקשר גרישה עם גיטו־ביאליסטוק ועזר לארגן את המרד בתוך הגיטו. משחוסל המרד, קיבלו הלוחמים שנשארו בחיים, פקודה לסגת אל היער. אלא שהדרך נחסמה על־ידי הגרמנים, אזי הופיע גרישה עם פיקודיו וצעירים רבים אחרים שנוספו עליהם, כדי להורות את הדרך. רובם ניספו משעלו על המוקשים שהגרמנים הטמינו בדרכים; אף גרישה היה ביניהם. וכה שלמה היתה המלאכה, עד שחבריו אפילו לא הצליחו לאסוף את עצמותיו המרוסקות. חברו לקרב, ד"ר לפילוסופיה רטנר, שהספידו לאחר־מכן, אמר: „עם מותו של מישה לונסקי, סבלנו אבדה גדולה, שיכלנו ראש צלול ולוחם עז ביותר".

לאחר שיחרורה של פולין, העניקה לו הממשלה הפולנית את התואר „גיבור העם" ואת צלב־הזהב.

## הרשל ינקלביץ

הרשל ינקלביץ נולד בשנת 1915 ומיד נתיתם מאמו, שמתה בלידתו. אביו יוסף הסנדלר, השתכר בקושי רק כדי לחם ותפוחי אדמה. זמן קצר לאחר מות אשתו, התחתן בשנית והביא אם־חורגת לפעוטותיו, וזה נוסף לדלות החשוכה, שהיתה אורחת קבועה בביתו.

כשהרשל רב עם אמו־חורגתו, היה יוסף יוצא מכליו וזורק עליו נעל, ומעשה־שטן, פוגע תמיד בשימשת החלון. בתנאים כאלה גדל הרשל, ובכל זאת הצליח תוך מאמצים רבים ללמוד את מלאכת האריגה. אך עבודה לא השיג ומרבית

זמנו בילה בבטלה. לבושו היה דל ועלוב, ואף־על־פי־כן התעצם וגדל מתוך מעילו הצר, והיה לאיש.

ואז, בחפשו אחר אחיזה בחיים, הצטרף לשורות ה„חלוץ" ויצא להכשרה. אלא שלא קיבל סרטיפיקט לעליה, ונאלץ לחזור להורודוק, לחיק המשפחה ולצרותיו הישנות. בשנת 1936 גויס לצבא הפולני ולמזלו הרע, בגדוד חיל־הפרשים.

בשנת 1939, עם הפלישה הגרמנית לפולין נשלח לחזית ונקלע מיד לתוך קו האש, וכך ארע כי בשעת הסתערות נואשת על טאנק גרמני, מצא את מותו. היה זה על־יד לומז'ה.

הרשל היה קרבנה הראשון של הורודוק במלחמת־העולם השניה ועד היום לא ידוע לאיש היכן מקום קבורתו. לא מגן דוד ולא צלב מתנוססים על קברו. אדמת פולין צופנת בחובה את גופתו של הלוחם היהודי האמיץ נגד הפאשיזם התוקפני.

## אייזיק לב

אייזיק לב נולד בשנת 1916 כבן למשפחת בן־ציון לב (זאוואד). היה מיוצאי בית־הספר „תרבות" של הורודוק ובין יחידי הסגולה, שהמשיכו בלימודיהם בביאליסטוק. אביו בנצי, היה אדם אמיד ויכול היה להרשות לעצמו את „המותרות" הנ"ל. אולם אייזיק — נפשו יצאה מגעגועים אל בית אביו ואל מטבח אמו ובעיקר, אל חבריו בעיירה — נטש את העיר הגדולה וחזר הביתה לעיירתו הקטנה.

אייזיק, שמצבו הכלכלי היה טוב לאין ערוך מזה של חבריו, התחבר אל הפועלים ולקח חלק פעיל במאבק המקצועי של האורגים. למרות שעבד על נול־־אריגה, שהיה שייך לאביו, הצטרף לשביתה. נוסף לכך היה אייזיק חבר פעיל בסניף המקומי של „החלוץ".

בשנת 1939 השתתף בהגנה העצמית, וכעבור שנים היה בין לוחמי גיטו ביאליסטוק, וזאת למרות חולשתו הגופנית. הוא היה בין מארגני המרד נגד התליינים הגרמנים. ב־1943, כשהגרמנים החליטו על חיסולו הסופי של הגיטו, מצא אייזיק את מקומו על המתרסים, כשהוא יורה בהיטלריסטים; כדור רצחני פגע בלבו החם של הלוחם הצעיר מהורודוק, אשר נפל שדוד על משמרתו למען כבודו של העם היהודי.

## לאזער סימיון (שמן)

לייזער נולד בשנת 1915 בהורודוק וגדל בתנאים הקשים של מלחמת־העולם הראשונה. ואף־על־פי־כן צמח והיה לבחור בריא ויפה־תואר ובן מסור לאביו מנדל הנפח. כבר בהיותו בן 14, היה עוזר לאביו במלאכתו הקשה. לאחר־מכן למד אריגה, ועבד אצל ה„לייקנעטניקים" העצמאיים.

ב־1933 הצטרף אל אגודת פועלי האריג ולקח חבל פעיל בשביתת פועלי האריג. בגלל השקפותיו הפוליטיות פוטר וסבל משך תקופה ארוכה אבטלה כרונית, כיוון שהתעשיינים היהודים חסמו בעדו את הדרך לעבודה.

ב־1935, היה לייזער בין אלה, שאירגנו את הפגנת האחד במאי הגדולה ביותר בתולדותיה של הורודוק. הוא בא להפגנה כשיונים צחורות חבויות מתחת לבגדיו. משנשוחררו היונים, התנופפו באוויר סרטים אדומים, סרטי־סיסמאות אנטי־פאשיסטיות. כמובן שלאזער נאסר, אך כל נסיונות המשטרה להכניעו עלו בתוהו, ולהיפך, הם אך חישלוהו וחיזקוהו במאבקו נגד הפאשיזם הפולני.

ב־1939, כשהגרמנים כבשו את הורודוק, אירגן לאזער את ההגנה העצמית, וכן עשה שעה שהגרמנים נסוגו והורודוק נשארה ללא שלטון. במכונות־יריה חסם את הדרך בפני האנדקים שאמרו לפרוץ לעיירה.

ב־1941 גויס לצבא האדום ונשלח לגבול הסובייטי־גרמני. לאחר אחד מהקרבות, כשמכל פלוגתו נשארו בחיים מעטים בלבד, מצא לו לאזער מקלט אצל איכר בכפר נידח. משם יצא כדי לעזור למשפחתו שהיתה כלואה בגיטו ביאליסטוק.

בגיטו מצא קשר לקבוצות המחתרת ואף הוטל עליו התפקיד, לחסל את הז'נדרמים שבאו לביאליסטוק, כדי לבלוש אחר יהודי הורודוק. לאזער לקח חבל פעיל בארגון מרד גיטו ביאליסטוק, הדריך את המתקוממים, פקד על עמדות אחראיות והנשק לא הכזיבו — כל כדוריו קלעו למטרה. אולם כשהטנקים הגרמנים התקיפו את ביצוריהם החלשים של המתקוממים, ברח לאזער עם חברו וחברתו (צעירה רוסיה), מהגיטו לכיוון הכפר שליד יער קרולי. באחד מלילות הכפור נכנס לתוך ביקתה בכדי להתחמם, ואז מסרו אותו האיכרים לידי הז'נדרמים, שערכו חיפוש בכליו ובמצאם נשק הם דרשו ממנו שיסגיר לידיהם את הפרטיזנים. אולם לא איש כלייזר יכנע לעינויים ולאימת המוות. הוא ירק בפניהם של המנוולים. בבוקר הוציאוהו הז'נדרמים לבוסתן שעל חוף נחל סופראסל וירו בו. לאזער רץ והטיל עצמו לתוך הנחל, אך אחד הכדורים שם קץ לחייו הצעירים.

בשנת 1950 העביר אחיו משה את עצמותיו לבית־הקברות של לוחמי גיטו ביאליסטוק.

## החצר ברחוב דומברובסקי

בעיר ביאליסטוק ממול הכנסיה, התגוררו שני יהודים שמוצאם מהורודוק. שניהם קשורים היו בלב ונפש לסביבתם. מוכנים תמיד להושיט עזרה במקרה של שרפה, שטפון, או מעשי־בריונות אנטישמיים. שניהם, בחורים איתנים „כופפי הברזל" קראו להם, על שנהגו לכפוף מוטות ברזל על עורפם, לפי דוגמתו של זישע ברייטבארד הגיבור ז"ל.

השניים נתחבבו מאד על אוכלוסית הורודוק, במיוחד על הנוער שהעריצם כגיבורים לכל דבר.

עוד בימי מלחמת־העולם הראשונה, כשגרמני שיכור החליט להתעלל ביהודי ותפס בזקנו היו השניים אוחזים בו ומרסקים עצמותיו. ופעם כשפרצה שריפה בבית־חרושת והלהבות הקיפו ביקתת עץ, מקום מגוריה של יולדת צעירה, קפץ אחד מהשניים לבית הבוער והציל את האם הצעירה ותינוקה.

מי אינו זוכר את האנטישמי המסוכן, טראכימצ'יק מכפר מילשקי, שהשתכר והתעלל ביהודים לעין כל? שני החברים הרביצו בו וגרמו לכך, שלא יתעורר משכרותו.

ב־1926 בשעת השטפון הגדול שפקד את הורודוק, השיטו אלי ויוסקה סירה קטנטונת מבית לבית למען הצל את האנשים מטביעה.

רצה הגורל ששני החברים יזדמנו פעם נוספת בשנת 1933 בביאליסטוק ברחוב דומברובסקי 4. נקש יוסקה בחלון

דירתו של אֱלי: „אלי, בוא מהר, מתפרעים פולנים התנפלו על ילדים יהודים". הדבר קרה בל"ג בעומר בשעת חגיגה שערכו לילדים ביער סמוך לביאליסטוק. כחץ מקשת חשו השניים לעזרת הנתקפים, ובצוותא עם קבוצת מכבי־אש יהודים, נכנסו למאבק ממושך עם קצינים אנדקיים מהצבא הפולני, שהושיטו עזרה למתפרעים.

במשך יומיים לא לנו יוסקה ואלי במיטותיהם ומשחזרו הביאו עמם שלל מלחמה — אקדוחים.

בימי חג היו יוסקה ואלי מבלים בחוג משפחתם שבהורודוק. אביו של יוסקה, ר' פסח, היה יהודי מסורתי, הולך היה לבית־המדרש כששלשת בניו נלווים אליו והיה מתיחס אליהם כאל דרדקים, למרות שיוסקה היה בעל בעמיו וזיידל ועוזר, לא הפליגו באדיקותם, בכל זאת חלקו כבוד לאביהם ונהגו לפי רצונו.

בחג הפסח של שנת 1941, ביקרו שני הידידים בהורודוק ובפעם האחרונה בחייהם חגגו את החג עם בני־משפחותיהם. אמו של יוסקה טרחה להכין את הסדר המסורתי וקידשה על נרות החג, מבלי שהרגישה שזאת ברכתה האחרונה. גם חנה־פייגל, אמו של אלי, שנתעוורה, פשטה ידיה אל נכדיה, ליטפה ראשיהם ואיחלה להם חג־שמח ועתיד מזהיר מבלי שתרגיש, שכעבור חדשים מספר יפלו כולם בידיהם של ההיטלריסטים. מיד לאחר פרוץ המלחמה, נשארו אלי ויוסקה בביאליסטוק, ואל תושבי רחוב דומברובסקי 4 נוסף עוד דייר, בן־דודו של יוסקה — זיידל קליקה.

## זיידל קלקה

זיידל נולד בשנת 1916. כל עול פרנסת הבית הענף היה מוטל על כתפיה של אמו, כי אב לא היה להם. לאחר שסיים זיידל את לימודיו בבית־הספר העממי היה לפועל, כך שמ·לדותו טעם כבר טעמו של עמל מפרך עבור פת־דלה לעצמו ולאמו התשושה.

זיידל שהירהר הרבה בנסיבות חייו הקשים מנשוא, קשר את גורלו עם הנאבקים למען משטר צודק יותר, ולא נבהל גם ממאסר, לא נשבר בחקירות האכזריות. לבסוף דנוהו לעשר שנות מאסר, ושלחוהו למחנה הריכוז בקרטוז־ברוזה. שם עבד במאפיה ומדי־יום הבריח לחם לחבריו הרעבים ועל־ידי כך הצילם ממות־רעב. לאסונו לא הצליח זיידל להצטרף לצבא האדום שנסוג מביאליסטוק, וכך נכלל ברשימה הראשונה של 15 אלף הגברים הצעירים, שהגרמנים ראו בהם סכנה בכוח למרי. באחת השבתות הובלו כולם מחוץ לעיר, חפרו את הבור הארוך והעמוק, שעתיד היה להפך לקברם המשותף.

משך ימים מספר נעה הקרקע מעל לאנשים החיים למחצה, שבקבר־האחים. אנחות חנוקות וקריאות לעזרה בקעו מתחת לפני האדמה.

אולם איש לא הושיט עזרה...

כך ניספו החברים הטובים מרחוב דומברובסקי 4.

ננצור את זכרם של אלי, יוסקה וזיידל קלקה למען יחיו לעד בתוך לבנו הדווי.

# געפאלענע אין שלאכט

פון משה סימיון (ישראל)

## גרישא לונסקי



גרישא לונסקי איז געבוירן געווארן אין 1912 יאר אין האראדאק. נאך אין די קינדער־יארן האט גרישא ארויסגעוויזן א סך פעיקייטן צום לערנען און איז געווען פון די בעסטע תלמידים. ער איז שטענדיק געזעסן ביים בוך און ווייניק



RZECZPOSPOLITA POLSKA

LEGITYMACJA

Nr. 51423

WARSZAWA

dn 7 marca 1949r

POSTANOWIENIEM PREZYDENTA RZECZYPOSPOLITEJ POLSKIEJ

został(a) odznaczony(a)

Ob. [illegible]

Grysza

Pośmiertnie

ZŁOTYM KRZYŻEM ZASŁUGI

NACZELNIK WYDZIAŁU ODZNACZEŃ KANCELARII CYWILNEJ PREZYDENTA R.P

mgr M. Bilewicz

גאָלדענער קרייץ, באַלוינט נאָכן טויט דורכן אויבערראַט פון דער פוילישער פאָלקס־רעפובליק

פארבראכט מיט זיינע חברים. גרישא האט געענדיקט מיט גרויס דערפאָלג די העברעאישע שול און באַלד ממשיך געווען זיינע לימודים אין דער „תרבות"־מיטל־שול אין ביאַליסטאָק. ער האט זיך דאן געפונען אין א זייער שלעכטער עקאנאמישער לאגע. בייטאג פלעגט ער לערנען און אין די אוונטן געארבעט שווער אויף זיין עקזיסטענץ. אבער דאס האט אים ניט געשטערט ארויסצוהעלפן די שוואכערע חברים אין לערנען.

שפעטער ארגאניזירט ער אין דער גימנאזיע אן אומלעגאלן קרייז אין וועלכן די שילער שטודירן דעם היסטאָרישן מאטעריאליזם.

מיט גרויס אויפמערקזאמקייט פאלגט ער נאך די פאליטישע אנטוויקלונגען אין דער וועלט און ער נעמט אויך אן אקטיוון אנטייל אין מאסן־דעמאנסטראציעס קעגן דער ענדעקיש־פריציש־פאשיסטישער רעגירונג, וועלכע האט דאן געהערשט אין פוילן.

אין די פעריען־טעג פלעגט ער זיך צוריקקערן אין זיין געבורט־שטעטעלע האראדאק. אבער אויך דא האט ער ניט געוווסט פון רו, און פלעגט ארויסטרעטן פאר די ארגאניזירטע ארבעטער־גרופן מיט רעפעראטן אויף פאליטישע און עקאנא־מישע טעמעס. אויך די „החלוץ״־ארגאניזאציע אין האראדאק האט זיך ניט אפגעשראקן פון זיינע ראדיקאלע אנשויאונגען און מען פלעגט אים איינלאדן צו רעפערירן אויף פארשיידענע פראַגן.

גרישא האט פארענדיקט די „תרבות״־גימנאַזיע אין ביאליסטאָק און איז געווארן אן אבסאלווענט אין ווארשעווער אוניווערסיטעט. אויך דאָרטן איז אים אויסגעקומען זיך צו לערנען אין די שווערסטע באדינגונגען, אבער דאס האט אים ניט אפגעשראקן און ער האט געענדיקט דעם שטודיום מיטן דיפלאָם „מאגיסטער־פילאָזאָפיע״.

אין 1941, ווען אין ביאליסטאָק האט געהערשט די ראטן־מאכט, האט מען אים צוגעטיילט דעם שווער פארדינטן טיטל, פראָפעסאָר אויף פילאָזאָפיע און ער האט פארנומען א פאראנטווארטלעכן אמט אין דער ביאליסטאקער גימנאזיע, ווו ער האט געארבעט מיט גרויס דערפאלג, זייענדיק באליבט און געשעצט דורך אלעמען, מיט וועמען ער איז געקומען אין קאנטאקט.

נאכן 22 יוני 1941 יאר, ווען גרישא באמערקט, אז ביאליסטאק איז ארומגערינגלט פון די דייטשן, ארגאניזירט ער א קאמפס־גרופע און מיט געווער אין האנט קעמפט ער אין די ארומיקע וועלדער קעגן דעם בלוטיקן שונא. א סך מאל פרובירן די דייטשן ארומרינגלען דעם וואלד כדי צו פארניכטן גרישאס גרופע, אבער יעדעס מאל זיך צוריקגעצויגן מיט גרויסע פארלוסטן.

אין 1943 יאר האט זיך גרישא פארבונדן מיטן ביאליסטאקער געטא און צוגעהאלפן ארגאניזירן דעם אויפשטאנד קעגן די דייטשן. ווען דער אויפשטאנד איז ליקווידירט געווארן, האבן א סך לעבנגעבליבענע קעמפער באקומען א באפעל צוריקצוטרעטן אין וואלד, אבער דער וועג איז געווען בלאקירט דורך די היטלעריסטן. דאן איז גרישאס גרופע זיי אנטקעגנגעקומען אויף די וועגן, פון ביאליסטאק אויף מזרח־זייט. א סך יונגעלייט האבן זיך פרובירט אדורכרייסן אין וואלד אריין, אבער ארויפגעגאנגען אויף דייטשישע מינעס. אויך גרישא איז אומגעקומען פון א מינען־אויפרייס און זיינע חברים איז אפילו ניט געלונגען צונויפצוקלייבן זיינע ביינער. זיין קאַמפס־חבר ד״ר פילאָזאָפיע הער דאטנער, האָט אים שפעטער מספיד געווען און געזאָגט: „אַז מיט גרישא לונסקיס טויט האבן מיר געליטן א גרויסע אבדה, מיר האבן פארלוירן איינעם פון די בעסטע קעפ און א זייער וויכטיקן קעמפער״.

נאכן באפרייען פוילן ווערט גרישא אנערקענט אלס פאלקס־העלד דורכן אויבערראט פון דער פוילישער מדינה און ער ווערט באלוינט מיטן גאָלדענעם קרייץ.

## לאזער סימיון (שמן)



לאזער איז געבוירן אין 1915 יאר אין האראדאק אין די שווערסטע מלחמה־יארן. דאך איז ער אויסגעוואקסן א שיינער און געזונטער בחור. זייענדיק 14 יאר אלט, העלפט ער צו דעם טאטן ביי דער שווערער ארבעט. שפעטער לערנט ער זיך וועבעריי און ארבעט ביי די לייַנקעטניקעס.

אין 1933 יאר טרעט ער אריין אלס אקטיווער מיטגליד אין דער וועב־סעקציע פון דעם קלאסן־פאריין און ער נעמט אן אקטיוון אנטייל אין טעקסטיל־שטרייק.

צוליב זיינע פאליטישע אנשויאונגען איז ער א לאנגע צייט ארבעטסלאז, ווייל די יידישע פאבריקאנטן האבן אים ניט צוגעלאזט צו דער ארבעט.

אין 1935 יאר העלפט לאזער צוגרייטן איינע פון די גרעסטע מאי־דעמאנסטראציעס אין האראדאק, צו וועלכער ער איז געקומען מיט ווייסע טויבן אונטער דער פאָלע פון זיין מאַרינארקע. די טויבן פרייגעלאזט, האבן זיי מיטגעשלעפט רויטע לענטעס מיט אנטיפאשיסטישע לאזונגען. לאַזער איז אַ סך מאַל אַרעסטירט געוואָרן דורך דער פאָליציי. אָבער עס געלינגט זיי ניט אים צו צעברעכן, להיפך, ער ווערט נאָר מער פארהארטעוועט אין קאמף קעגן פוילישן פאשיזם. קיין זאך האט אים ניט אפגעשראקן און ער איז שטענדיק דאָרטן, אווו מען נויטיקט זיך אין אים אממייסטן.

אין 1939 יאר, בעת די דייטשן האבן פארנומען האראדאק, האט לאזער ארגאניזירט א זעלבסטשוץ צו פארטיידיקן די יידישע באפעלקערונג קעגן די היטלעריסטישע איבערפאלן. שפעטער, נאך דעם דייטשישן צוריקמארש, ווען האראדאק איז געבליבן אן א מאכט און די ענדעקישע באנדעס האבן באַדראָט דאס שטעטל, האט ער מיט א מאשין־געווער, זיי פארשטעלט דעם וועג.

אין 1941 יאר ווערט ער מאביליזירט אין דער רויטער ארמיי און געשיקט צו דער רוסיש־דייטשישער גרענעץ. נאכן פלוצימדיקן איבערפאל פון די דייטשן, ווען פון זיין אפטיילונג זענען איבערגעבליבן געציילטע סאלדאטן, באהאלט ער זיך אויס א לאנגע צייט ביי א פויער און שפעטער, וועלנדיק

ראטעווען זיין משפחה, לאזט ער זיך גיין אין ביאליסטאקער געטא.

אין געטא פֿאַרבינדט ער זיך מיט די ווידערשטאַנד־גרופּן און נעמט אויף זיך די אויפגאַבע, צו איבערפאַלן די זשאַנדאַרמען, וועלכע פלעגן קומען קיין ביאליסטאָק צו זוכן האראדאקער יידן. לאזער נעמט אן אקטיוון אנטייל אין דעם געטא־אויפשטאַנד. און זייענדיק א מיליטערמאַן, וואס קען זיך באַגיין מיט געווער, פארנעמט ער די פאראנטווארטלעכסטע פּאָזיציעס. ווען די דייטשישע טאַנקען גרייפן אן די לעצטע פּאָזיציעס פון די אויפשטענדלער, פארלאזט לאזער מיט זיין חבר און חברטע, א רוסישע מיידל, דעם געטא און זיי לאָזן זיך גיין צום קראַליער וואַלד. ווען ער קומט אריין אין א דאָרף, אין א ווינטער־נאַכט, זיך אנצוואַרעמען, גיבן אים איבער די פּויערים צו די זשאַנדאַרמען, וועלכע פאָדערן פון אים, אַז ער זאָל אויסגעבן די פּאַרטיזאַנער מיט וועלכע ער איז פאַרבונדן. אבער לאזער האט זיך ניט אפגעשראָקן פאַרן טויט, און זיי אנגעשפּיגן א פּולן פּנים. אין דער פרי, ווען לאזער האט שוין ניט געקענט שטיין אויף די פיס פון די פּייניקונגען, האבן אים די זשאַנדאַרמען אַרויסגעפירט אין גאַרטן לעבן טייך סופּראַסל און געשאסן אין אים. לאזער א שווער פאַרוווּנדעטער, איז אנטלאָפן צום טייך און זיך אריינגעוואָרפן אין וואַסער, אבער א צווייטע קויל האט געמאַכט א סוף צו זיין יונגן לעבן.

אין 1950 האָט זיין ברודער (דער שרייבער פון די שורות) אויסגעגראָבן זיינע ביינער און אַריבערגעפירט אויפן ביאַליסטאָקער בית־הקברות אַוו ער איז באַערדיקט געוואָרן אינעם אַלגעמיינעם ברודער־קבר פון די קעמפערס אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

## הערשל יאנקעלעוויטש

הערשל יאנקעלעוויטש איז געבוירן אין 1915 יאר און באַלד געבליבן א יתום נאָך זיין מוטער, וועלכע איז געשטאַרבן נאָכן געבורט. זיין פאָטער, יוסף דער שוסטער, האט קוים פאַרדינט אויף ברויט מיט קאַרטאָפל פאַר דער הונגעריקער משפחה. א קורצע צייט נאָכן טויט פון זיין פרוי, האט ער אַראַפּגעבראַכט א שטיף־מאַמע פאַר זיינע פיצלעך קינדער און צום פינצטערן דלות, וועלכער איז געווען א שטענדיקער גאַסט אין יוספס שטוב, איז צוגעקומען א נייע צרה.

ווען הערשל פלעגט זיך צעוואָרטלען מיט דער שטיף־מאַמע, פלעגט יוסף אַרויסגיין פון די כלים און א וואָרף טאָן א שוך, וועלכער צילנדיק אין הערשלס קאָפּ פלעגט ווי אויף צו להכעיס, אריינטרעפן אין פענצטער.

אט אין דער אַטמאָספער האט זיך הערשל דערצויגן און מיט גרויסע אָנשטרענגונגען זיך אויסגעלערנט וועבעריי. אבער זייענדיק ארבעטלאָז פלעגט ער פוסט און פּאַסעווען און אין אַלע סעזאָנען פון יאר האט מען אים געזען אין די זעלבע בגדים.

דאַן האט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן דער „החלוץ״־אָרגאַניזאַציע און אוועקגעפאָרן אויף הכשרה. אבער ניט באַקומענדיק א סערטיפיקאַט קיין ארץ־ישראל, איז ער צוריקגעקומען קיין האראדאק, צו זיין משפחה און צו די אַלטע צרות. אין 1936 יאר ווערט ער מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי אַלס קאַוואַלעריסט אין א פּאָלק אולאַנער.

אין 1939 יאר, בשעת דעם דייטשישן איבערפאַל אויף פּוילן, שיקט מען אים צום פראַנט אויפן ערשטן פייער. און אויף א פעלד נעבן לאַמזשע, אין א אומגלייכן קאַמף מיט די אנגרייפנדע דייטשע טאַנקען, פאַלט ער אינעם שלאַכט.

הערשל יאנקעלעוויטש איז געווען דער ערשטער קרבן פון האראדאק אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. און ביזן היינטיקן טאָג ווייסט קיינער ניט אַוו עס איז אַהינגעקומען זיין געביין. ניט קיין מגן־דוד אויף זיין קבר און אויך ניט קיין צלם. די פּוילישע ערד האט אריינגענומען אין זיך דעם יונגן יידישן קעמפער קעגן דעם אנגרייפנדן נאַציזם.

## אייזיק לב



אייזיק לב איז געבוירן אין 1916 יאר, אין דער משפחה פון בן־ציון לב (זאוואד). ער האט געענדיקט די „תרבות״־שול אין האראַדאָק און איז פון די געציילטע יוגנטלעכע, וואָס זענען ממשיך די לימודים. זיין פאָטער בענצי, א פאַרמעגלעכער מענטש, האט זיך געקענט דערלויבן צו אַרויסהאַלטן זיין זון אין דער ניט־ווייטער ביאַליסטאָק.

אבער אייזיק האט זיך שטאַרק פארבענקט נאָך דעם טאַטנס שטוב און דער מאַמעס קיך און דער עיקרשט, נאָך זיינע חברים אין דעם קליינעם שטעטעלע. פארלאזט ער די גרויסע שטאָט און קומט צוריק אַהיים.

אייזיק, וועמענס מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַן א שיעור א בעסערע ווי ביי זיינע חברים, חברט זיך מיט די אַרבעטער־חברה און ער נעמט אן אקטיוון אנטייל אינעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף פון די האראדאקער וועבער. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האט געאַרבעט אויף זיין טאַטנס וועבשטול, טרעט ער צו צום שטרייק. גלייכצייטיק, איז אייזיק געווען אויך אן אקטיווער מיטגליד אין דער „החלוץ״־אָרגאַניזאַציע.

אין 1939 יאר נעמט ער אנטייל אין דעם האראדאקער זעלבסטשוץ, מיט יאָרן שפּעטער זייענדיק אין ביאליסטאקער געטא, ניט קוקנדיק אויף זיין פיזישער שוואַכקייט, שליסט ער זיך אָן אין דער ווידערשטאַנד אָרגאַניזאַציע, וועלכע גרייט צו דעם אויפשטאַנד קעגן די דייטשע העַנקערס. און אין 1943 יאר ווען די דייטשן ליקווידירן דעם געטא, איז אייזיק פלאַץ צווישן די קעמפער. א מערדערישע קויל טרעפט אין הארץ פון דעם

יונגן האראדאקער העלד, וועלכער פאלט אין קאמף פאר דעם כבוד פונעם יידישן פאלק.

## דער הויף אויף דאמבראווסקי 4

אין ביאליסטאק אנטקעגן דעם גרויסן קאשטשיאל, האבן געלעבט צוויי חברה, וועלכע האבן געשטאמט פון האראדאק.ביידע מיט לייב און לעבן פאַרבונדן מיט זייער סביבה, שטענדיק גרייט קומען צו הילף אין פאַל פון אַ שרפה, אַ פארפלייצונג, אָדער אנטיסעמיטישע עקסצעסן. ביידע, פיזיש שטאַרק. די „אייזנבויגערס" האָט מען זיי גערופן, ווייל זיי האָבן געבויגן גראָבע שטאבעס אייזן אויפן קארק, לויטן מוסטער פון זישע ברייטבאַרד.

ביידע, זענען געווען שטארק באליבט ביי די הארעדאקער יידן איבערהויפט ביי דער יוגנט, וועלכע האט זיי געהאלטן פאר גרויסע העלדן.

שוין אין ערשטן וועלט־קריג, ווען א שיכורער דייטש האט געכאפט א יידן, אפשניידן די בארד און פיאות, האבן זיי אים אנגעבראכן דיביינער און דעם יידן אפגעראטעוועט פון זיינע הענט.

און ווען עס האט פאסירט א פאל און עס איז אויס־געבראכן א שרפה אין א פאבריק און די פלאמען האבן ארומגעכאפט א הילצערנע געביידע אין וועלכער עס האט זיך געפונען א קימפעטארן, איז עליע, איינער פון די צוויי



עליע סימיון

חברים, ארייגעשפרונגען אין די פלאמען און ארויסגעראטע־וועט די פרוי צוזאמען מיט איר פיצל קינד.

ווער געדענקט ניט דעם געפערלעכן אנטיסעמיט טראכימצ׳יק פון מילעשקי, וועלכער פלעגט זיך אנשיכורן און שלאגן יידן אויף דער גאס? די צוויי איבנדערמאנטע יידן האבן אים צעמזיקט און געמאכט א סוף צו זיין שיכורן לעבן.

אין 1928 יאר האט הארעדאק דורכגעלעבט א גרויסע פארפלייצונג און עס האט זיך געפאדערט א שנעלע הילף כדי ארויסצוראטעווען די מענטשן. עליע מיט יאשקען זענען טאג און נאכט ארומגעשווומען פון שטוב צו שטוב און געראטעוועט קינד און קייט.

דער גורל האט געוואלט, אז אין 1933 יאר, זאלן זיך ביידע חברים ווידעראמאל צוזאמענטרעפן אויף איין ביאליס־טאָקער הויף, אויף דאמבראווסקי 4. האט יאשקע איינמאל אריינגעשריען אין עליעס פענצטער: — „עליע, קום שנעל



יאשקע קאלעקא

ארויס, פוילישע כוליגאנעס האבן איבערפאלן יידישע קינדער!"
דאס איז געשען ל"ג בעומר, בשעת א קינדער־פייערונג אין ביאליסטאקער וואלד. ווי א פייל פון בויגן האבן ביידע אוועקגעאיילט צו הילף די אנגעגריפענע און צוזאמען מיט א גרופע יידישע פייערלעשער אונטערגענומען דעם קאמף, וואס האט זיך פארצויגן, צוליב די ענדעקישע אפיצערן פון די ביאליסטאקער קאשארן, וועלכע זענען געקומען צו הילף די כוליגאנעס.

צוויי טעג האבן יאשקע מיט עליען ניט גענעכטיקט אין דער היים און צוריק געקומען זענען זיי מיט פיסטאלעטן, וועלכע זיי האבן אוועקגענומען ביי די אפיצערן.

כמעט צו יעדן יום־טוב פלעגן יאשקע מיט עליען, צוזאמען מיט זייערע משפחות, אראפקומען קיין הארעדאק. יאשקעס טאטע, ר׳ פסח, האט ליב געהאט צו גיין אין שול אריין אין דער באגלייטונג פון זיינע דריי בנים, צו וועלכע ער האט זיך באצויגן ווי צו קליינע יינגלעך. ניט קוקנדיק דערויף, וואס יאשקע איז אליין געווען א טאטע פון קינדער און ר׳ פסחס אנדערע זין, זיידל און עוזר, זענען געווען ווייט פון פרומקייט, האבן זיי דאך צוליב געטאן דעם אלטן טאטן און אים אפגעגעבן כבוד.

פסח 1941 יאַר, האבן אונזערע אויבנדערמאנטע פריינט באזוכט דאראדאק און דעם לעצטן מאל אין לעבן געפייערט דעם יום־טוב צוזאמען מיט זייערע משפחות. יאשקעס מאמע האט געגרייט דעם סדר און געבענטשט איבער די יום־טובדיקע ליכט, ניט וויסנדיק, אז דאס איז איר לעצטע ברכה. אויך חנה׳ פייגל, עליעס מאמע, וועלכע איז געווען בלינד, האט אויסגעשטרעקט איר האנט און יעדן אייניקל באזונדער, א גלעט געטאן איבערן קעפל און צוגעוווּנטשן א גליקלעכע צוקונפט ניט פילנדיק, אז אין צוויי מאנאט ארום וועלן זיי ווערן די ערשטע קרבנות פון די היטלעריסטישע באנדיטן.

גלייך נאכן מלחמה־אויסברוך, ווען עליען מיט יאשקען

איז ניט געלונגען צו אנטלויפן פון ביאליסטאק, איז צו די איינוווינער פונעם הויף אויף דאמבראווסקי 4 צוגעקומען א דריטער שכן. דאס איז געווען יאשקעס א קוזין, זיידל קאלעקא.



זיידל קאלעקא

זיידל איז געווען פון דער יינגערער גענעראציע. געבוירן אין 1916 יאר און אויסגעוואקסן א יתום ביי זיין מוטער, די אלמנה וועלכע איז געבליבן די איינציקע שפייזערין און דערציערין פון איר פירקעפיקער משפחה. זיידל, ענדיקנדיק די פוילישע פאלקס־שול, איז אוועק ארבעטן און פון די יונגע יארן פארזוכט דעם טעם פון שווערער פראצע.

זיידל, וועלכער האט זיך טיף ארייגעקלערט אין די סיבות פון זיין שווערן לעבן, האט באשלאסן צו קעמפן פאר א יושרדיקער ארדענונג אויף דער וועלט, וועלכע זאל אפשאפן די עקספלואטאציע צווישן מענטשן. זיידל האט זיך ניט אפגעשראקן פאר דער פוילישער פאליציי, וועלכע האט אים ארעסטירט און זיך אויך ניט איינגעבראכן אויף די ברוטאלע אויספארשונגען. דאס פוילישע געריכט האט אים פארמישפט אויף צען יאר שווערע תפיסה און אינטערנירט אינעם קאנצענטראציע לאגער קארטוז־בערעזא, אווו ער האט שווער געארבעט אין בעקעריי. פון דארטן, האט ער טאג־טעגלעך געשמוגלט ברויט פאר די הונגעריקע חברים און אפגעראטעוועט זיי פון א הונגער־טויט, ניט קוקנדיק אויף דער הארבער שטראף, אויף וועלכער ער איז געווען אויסגעשטעלט פאר אט דעם „פארברעכן". צום אומגליק איז זיידלען ניט געלונגען אפצוטרעטן פון ביאליסטאק צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי און ער איז ארייגעפאלן אין דער ערשטער רשימה פון פופצן טויזנט יונגע און קרעפטיקע מענער, אין וועלכע די דייטשן האבן געזען א סכנה פאר זיך. א געוויסן שבת האבן זיי אלעמען ארויסגעפירט אויף א פעלד הינטער ביאליסטאק און געצוווּנגען גראָבן אַ טיפע און לאַנגע גרוב, וואָס האָט זיך פארוואנדלט אין זייער קבר.

אין פארלויף פון עטלעכע טעג האט זיך די ערד באוועגט איבער די נאך לעבעדיקע מענטשן, וועלכע זענען געלעגן אין ברודער־קבר. פארשטיקטע קרעכצן און הילפס־רופן האבן זיך געריסן פון אונטער דער ערד, אבער קיינער איז זיי ניט געקומען צו הילף...

אט אזוי זענען אומגעקומען די דריי הארדאקער העלדן־מארטירער פון דער גאס דאמבראווסקי 4. זאל דער אנדענק פון עליע שמן, יאשקע און זיידל קאלעקא, אייביק לעבן אין אונזער זכרון!

# בעקבות המרצחים

מאת מ. סימיון (ישראל)

חלפו שתי עשרות שנים מאז מרחץ־הדמים של מלחמת־העולם השניה, אך עד היום נחשפים עדיין מדי פעם קברי־אחים של בני־אדם אלמונים. עלה בידי לא אחת לחשוף קברים רבים, בדרכי בעקבות התליינים הגרמנים, שמולאו ע"י הנאצים ועוזריהם המקומיים. בני־שחץ אלה, נולדו גם הם בהורודוק, נתחנכו וגדלו על ה„פיאסקעס", יחד עם קרבנותיהם: יהודים, פולנים, בילורוסים. כולם גרו בשכנות טובה, היו לחברים ולעתים רבו ביניהם ואח"כ השלימו. מכל מקום, הם הכירו יפה את הסביבה על תושביה ולפיכך הצליחו להוציא לפועל באופן כה יסודי את שליחות הדמים שלהם.

בשנת 1940 התיר השלטון הסובייטי, ששלט אז בהורודוק, לכמה משפחות גרמניים שהתגוררו בעיירה, להגר לגרמניה. אולם לא כל הגרמנים ניצלו את ההזדמנות לחזור ל„היימאט" ורבים מהם נשארו במקום.

בין אלה שעזבו, היה המכונאי של בהח"ר ראפלסקי — הופמן. הוא ושני בניו: אלפונס ואדק.

בשנת 1941, כשהורודוק נכבשה על־ידי הגרמנים, חזר הופמן בלבוש ס.ס. ומיד החל לגייס מתושבי המקום לשירות הז'נדרמריה הגרמנית. בעזרתם הפעילה של דגנטיש ונוביציק, שני ברנשים ממוצא גרמני, הוא אירגן קבוצת נוער פולנית ובילורוסית, ביניהם: אפשיצוק יולק, דימורצקי, שרמטה, פנטרה, דז'נקאו ואחרים, הלבישם מדים וזיינם ברובים ולאחר שעברו קורס בהדרכת אנשי הגיסטפו, נצטוו לגשת למלאכה, היינו: לרצוח ככל שיעלה לפניהם.

קרבנם הראשון היה, חיים „ממזר", שרעה את הפרות בכפר סלוציאנקי. נוביצקי מצא עילה טובה ורצח אותו בגלל טינה ישנה. אחרי־כן הם רצחו את כל הנכים וחולי־הרוח ולבסוף נטפלו אל „הפוליטיים", תחילה עינום ואחרי־כן הוציאום להורג, כך הצליחו לחסל תוך תקופה קצרה ביותר את כל הנוער היהודי והנוצרי של העיירה. לאחר חיסול הגיטו הם החלו בחיפושים ובמצוד אחרי היהודים שנמלטו ליערות או הסתתרו בכפרי הסביבה. במלאכה בזויה זו עזר להם מחסל הכלבים, ה„היצל", ששוטט באיזור, כביכול, אחר כלבים ולמעשה, בלש אחרי היהודים והפרטיזנים. פעם הזעיק את

הז'נדרמיה לכפר פופובקה, אל נערה נוצריה שהוציאה בחור יהודי ליער, אל הפרטיזנים. הז'נדרמים הקיפו את הכפר והציתוהו על תושביו. אחרי־כן חרשוהו ויישרוהו עם פני האדמה, ללא השאר סימן וזכר לישוב בני־אדם והודיעו בכל האיזור: שכל המעיז להסתיר יהודי או פרטיזן, צפוי לגורל דומה. במשך שנים הם התפרעו ללא מעצור, שפכו דם כמים, בהיותם בטוחים, כי לא השאירו כל עד חי לפשעיהם המזוועים. אלא שהפעם טעו בחישובם...

בראשית חודש אוגוסט שנת 1944, לאחר שהורודוק שוחררה על־ידי פלוגת צבא סובייטי, התנדפו הז'נדרמים המקומיים כלא היו. התושבים הספורים שנשארו בהורודוק, מילאו פיהם מים ולא מסרו דבר על הפושעים. אולם משחזרו הפרטיזנים מהיערות, התחילו הם באיסוף ידיעות.

אותה שעה היה הקשר עם העיירה כרוך בסכנת־נפשות, מכיוון שבדרכים שוטטו כנופיות מזויינות של פאשיסטים גרמנים ופולנים, ולא איפשרו לקיים תחבורה סדירה. למרות כל זאת הגעתי מדי פעם לפעם להורודוק, כדי להתחקות אחרי חברי הז'נדרמריה ולהביאם לדין בפני בית־משפט.

לאחר מאמצים מרובים הצלחתי במשימתי. במקרה נתוודעתי אל נוצרי, שרצה לקנות מידי את חורבת בית אבי. נתתיה לו במתנה, חינם אין כסף, בתנאי, שיודיע לי על מקום מקלטם של הז'נדרמים. בערב הגיע אלי פרטיזן לשעבר וסיפר, שבתחנת וואליל מסתתר דז'נקאו, קומנדנט הז'נדרמריה בהורודוק.

בלי שים לב לסכנות, יצאנו שנינו לוואליל, והגענו עד לבית קרוביו של דז'נקאו. מצאנום מסבים בנחת מסביב לשולחן ושותים תה. פתחנו את הדלת ובאיימי עליהם בתת־מקלע פקדתי, להרים ידים. המפקד לשעבר נפל על ברכיו, ויילל בקולי־קולות וביקש על נפשו: „אל תירה בי. אני רוצה לחיות"... ערכתי חיפוש ומצאתי אקדוח טעון, בכליו. בעת החקירה, שנמשכה כל הלילה, גולל את כל פרשת תעלוליו הנפשעים, סיפר פרטים ומסר את כתבותיהם של יתר הז'נדרמים. כשסיפר על העינויים הסאדיסטיים שהוא וחבר מרעיו ביצעו בנוער היהודי והנוצרי, שהואשם בקומוניזם, כגון: כריתת לשונות וניקור עיניים, הוצפתי חימה עזה ויצאתי מגדרי. ולמרות איסור מוחלט לפגוע בנאשם, והתחייבותי למסרו למוסדות החוק והצדק, לא יכולתי יותר לעצור ברוחי הנסערת...

ימים מספר עסקתי במאסרי הז'נדרמים לשעבר, עד שכמעט כולם הועברו למאחורי סורג בית־הכלא וציפו לדינם.

באחד הימים קיבלתי מכתב מ„היורש־חינם" לבית אבי, ובו כתוב היה, כי גילה את רוצחו של אחי. מבלי הרבות דיבורים, דהרנו אני וחברי קצין בצבא הפולני, במכונית צבאית במהירות מסחררת לכיוון הורודוק. בעוברנו את טרבלינקה, עשינו חנייה והקשבנו לדממת־המוות ששררה סביבנו. „שים לב — אמרתי לחברי — במקום זה, שרפו הגרמנים את הורי, את אחי ואחותי. האדמה שאנו דורכים עליה, ספוגה דמם והאבק שמתחת לגלגלי המכונית — הוא פיח גוויותיהם השרופות, שפיזר לכל עבר".

חברי הפולני חיבקני ובקול חנוק ענה:

„ידידי היקר, גם משפחתי נספתה בטרבלינקה, אותו אסון קרה גם להם".

כברת דרך מטרבלינקה חסם חייל את דרכנו. אל כובעו צמוד היה נס „הכתר והנשר": סימן־היכר לקבוצת־מחתרת פולנית־פאשיסטית, ששוטטה באיזור. משהבחנתי בסכנה, הקדמתיו בשאלה, (טרם ישאלנו הוא לסיסמה) אם הוא יכול לכבדנו בסיגריה. היות ולפני רגעים מספר הצלחנו להשתלט על המכונית ואנו ממהרים היערה, אל החבריה. החייל, שוכנע עד־כדי־כך, שאנ"ש אנו, עד שמסר לנו את נוסח הסיסמה. וכך, הגענו לפנות בוקר להורודוק.

הופעותי בהורודוק גרמו תמיד לבהלה בין התושבים בעלי המצפון הבלתי טהור. תמיד שאלו את עצמם: את מי אקח עמי הפעם לטיול־חינם לביאליסטוק?

כנראה, „שיורש אבי" התחרט על העיסקה וטען: „להד"ם! איני יודע שום דבר". אולם אני לא הרפיתי ממנו ותבעתי בכל תוקף, שיקיים את התחייבויותיו, כפי שניסחן במכתבו: „לא ולא" — איימתי עליו — „אקפח את חלקך בירושתי". לא נשתכנעתי מבקשותיו הבכייניות, לשחררו, עקב הסכנה הנשקפת לחייו מהרוצחים, הכרחתיו לגלות את כל צפונותיו, וצרפתיו למסע. וכך, תוך הצטלבויות ואנחות שוברות לב, הובילני לכפר נובושיולקה, לשדה תפוחי־אדמה. שם פגשתי בשני איכרים זקנים, שהכירוני, כבנו של מנדל הנפח. הם ניגשו אלי ואמרו:

„אתה רואה את שדה הפוחי־האדמה? מראהו נאה בגלל זיבול טוב ברקב גוויות אדם, שניספו בידי הז'נדרמים מהורודוק. „הנה כאן — הראו לי — נמצא קברו של אחיך". לקחתי את והפרתי בור. כעבור חצי שעה גיליתי גולגולת, ולאחר־מכן את עצמות השלד וזוג מגפים שבלו והעלו צחנה. בידים רועדות אספתי את השרידים העגומים, שנותרו מאחי הצעיר, לתוך תיבה ריקה, העברתיה למכונית וישבתי מדוכדך על־יד ההגה. משקעה השמש בפאתי היער ודמדומי־לילה ירדו, שם חברי את ידו על כתפי והפטיר חרש:

— בוא, אחא, הבה נסיים את שליחותנו העגומה ונתפוש את הרוצח. כשיוודע לו, שאתה חש בעקבותיו, הוא יסתלק מכאן ולא תמצאהו לולם.

דבריו עוררוני לפעולה. כשהגענו לביתו, אמרה אשתו שבעלה נסע לביאליסטוק. אולם בכפר נודע לנו, שהוא עובד ביער. חברי פנה ימינה ואני לצד שמאל. במרחק 2 קילומטר ראיתי את חברי עומד, בחברתם של עוד שני אנשים. אחד מהם היה הרוצח רושקוב. מבלי שהיות יתירות, לקחנוהו אתנו במכונית לשם חקירה.

לכתחילה, הכחיש הכל ושיחק תפקיד של חף מפשע. ואני מודה, בהצלחה רבה. אדם העומד מן הצד, ודאי שהיה מתרשם מנימוקיו החצופים. אולם עלי השפיעו דבריו בכיוון ההפוך. הצצה אחת כלפי התיבה שבמכונית דיה היתה כדי להצית אש־תופת בלבי. וברגע מסויים, כאשר שקריו הגסים הוציאוני משיווי־משקלי, הורדתי את מכסה התיבה ופקדתי עליו להיישיר מבטו אל חורי גולגולת אחי. הוא נדהם עד כדי־כך, שלא יכול להתאושש. בבת־אחת נשבר והודה בו־במקום, על מעשה הפשע שביצע.

אולם הודאתו, לא הירוותה את צמאוני לנקמה. תפסתיו בשערותיו וכל העת, עד לביאליסטוק, כפפתי את ראשו עמוק־עמוק לתוך תיבת־המוות.

## על כסא הנאשמים

על כסא הנאשמים, ישב אדם צעיר מהורודוק, קארגל יאן. בכתב־האישום היה כתוב לאמור: כי משנת 1941 עד

לשנת 1944, פעל בשירות הז'נדרמריה ההורודוקאית, שהיתה כפופה לגיסטפו, כי רצח יהודים ונוצרים ולקח חבל פעיל במצוד פרטיזנים.

בין אלה, שהעידו נגד קארגל, היתה אשה רוסיה ושתי האחיות לאה וגוטע גראסביין. האשה האשימה אותו, כי רצח את בעלה, ושתי האחיות אמרו, כי נוכחו בהוצאה להורג של נערה יהודיה, שבוצעה על ידו.

לעומתן העידו עשרות איכרים מכפרי הסביבה, כי הנאשם לא הרע לאיש. סניגורו, עורך־דין מוכשר מביאליסטוק, ניצל את חולשותיה של הקטיגוריה ואת חוות־דעתם החיובית של עדי הסניגוריה ותבע להקל בעונשו של הנאשם.

פניתי בבקשה אל השופטים, שירשוני להופיע כעד. לאחר ויכוח חריף בין הסניגור והקטיגור, קיבלתי את רשות־הדיבור ושאלתי את נינה שיק, אשתו ואם לילדיו, אם היא זוכרת אותי מילדותי, עת שיחקנו בחול יחדיו, למדנו בבית־ספר אחד, ואחרי־כן, עבדנו באותו בית־חרושת, וכי נהגה לברכני לפני שער הכניסה בברכת „גוט מארגן" ביידיש?

הזכרתי לה את שכנותיה היהודיות, שהיו אתה בידידות ושנרצחו על־ידי בעלה, על פעוטותיהן וילדיהן וקראתי לעברה: „איך את יכולה לחיות עם בעל, שאשמת־דמים כה כבדה רובצת על מצפונו?"

נינה קמה וניגשה אל בעלה, שישב בשקט על ספסל הנאשמים וקראה בקול:

„זולל־אדם! האם לא ביקשתיך, שלא תשתתף ברציחות? אולם אתה היית נוהג להעלם בלילות ולחזור רק לפנות בוקר עם בגדים רוויי־דם, שאילצתני לכבסם" — ונינה פנתה בבכיית־תחנונים אל בית־המשפט, שיסלח לה ולפשעי בעלה.

לעדותה של נינה היתה השפעה כה רבה על הנוכחים — עד שאחד מעדי ההגנה קם על רגליו והודיע, שהוא מתחרט על עדות־השקר שהעיד לטובת הנאשם והנו מוכן לספר, כיצד אילצוהו לרתום את סוסו ולהוביל מתוך בית „הגמינע" את גוויותיהם המעונות של היהודים והנוצרים, שנחשדו בפעולה קומוניסטית והפליג בתיאור מראם האיום של הנרצחים — — —

העובדות, שהבאתי להלן, יש בהן כדי להוכיח, כי החלטתו הנחושה של אדם להעניש, יכלה ויכלה לשאת פרי, ואף בכך יש מעין נחמה פורתא.

ודאי! היה בכך מהשאיפה הטבעית של נקמה אישית לשלם לרוצחים כגמולם: „עין תחת עין ושן תחת שן", להוכיח לבני־דורנו, שחיי־אדם אינם הפקר, ולא נכונה האימרה של: „לית דין ולית דיין".

אולם כעת, בהקבילי נסיונות־נקם אישיים, בגמר מלחמת־העולם השניה — להכנות ריבנש דהאידנא, של גרמניה המערבית — אני מגיע למסקנה: שאין להסתפק בכך וצריך להרחיב את חזית ההתנגדות הכללית נגד תקומת הנאציזם, נגד יורשיו של היטלר, ולשלב בתוכה את מאבק העם היהודי נגד מוראות ההשמדה של מלחמת עולם שלישית, אם תפרוץ, למען שלום יציב ובר־קיימא עלי אדמות.

# אויף די שפורן פון די מערדער

פון מ. סימיון (שמן) (ישראל)

צוויי צענדליק יאר זענען אדורך, זינט דער שרעקלעכער בלוט־באד פונעם צווייטן וועלט קריג און ביז היינט־צו־טאג געפינט מען ברידער־קברים פון דערמארדעטע מענטשן.

איך בין געווען א דירעקטער גורם פון אויפדעקן קברים, גייענדיק אויף די פרישע שפורן פון די דייטשישע הענקערס, וועלכע האבן באקומען הילף פון די פארעטער און אונטער־וועלטניקעס, וועלכע האבן זיך רעקרוטירט פון דער ארטיקער באפעלקערונג.

אט די אויסוורפן זענען אויך געבוירן אין הארא דאק, זיך דערצויגן און אויסגעוואקסן אויף די „פיאסקעס", צוזאמען מיט זייערע שפעטערדיקע קרבנות: יידן, פאליאקן, ווייסרוסן. מיר האבן אלע געלעבט אין ענגער שכנהשאפט, זיך געחברט אפטמאל, זיך צעקריגט און דערנאך שלום געמאכט צווישן זיך. האבן זיי געקענט יעדן איינעם און דערפאר אזוי גרינגלעך אויסגעפירט זייער בלוטיקע שליחות.

אין 1940 יאר, האט די סאוויעטישע מאכט, וועלכע האט דאן געהערשט אין הארא דאק, דערלויבט עטלעכע דייטשישע משפחות, וואס האבן געוווינט אין שטעטל, זיך צו עוואקוירן קיין דייטשלאנד. אבער ניט אלע דייטשן האבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צוריקצוקערן זיך אין דער „היימאט" און זיי זענען געבליבן וווינען אין הארא דאק.

צווישן די אוועקגעפארענע איז געווען האפמאן, דער מאשיניסט פון ראפעלסקיס פאבריק, מיט זיינע צוויי זין: אלפאנס און עדעק.

אין 1941 יאר ווען הארא דאק איז פארנומען געווארן פון די דייטשן, איז עדעק צוריקגעקומען, אנגעטאן אין א מונדיר פון אן ס.ס.־מאן און ער האט זיך באלד גענומען צו מאביליזירן די ארטיקע תושבים אין די רייען פון דער דייטשער זשאנדארמעריע. מיט דער הילף פון דעגענטיש און נאוויציק צוויי פארשוינען פון דייטשישער אפשטאמונג, איז אים געלונגען צו ווערבירן א גרופע יוגנטלעכע פאליאקן און ווייס־רוסן ווי: אפשייצוק יולעק, דעמאראצקי, שערעמאטא, קארגעל, פאנטערא, דזשאנקאוו א"א. אלעמען אנגעטאן אין מונדירן, באוואפנט מיט ביקסן און נאך א קורצער אינסטרוקציע אין דער געסטאפא, האט מען זיי באפוילן זיך א נעם טאן צו דער ארבעט, הרגענען און שלאגן יעדן איינעם, וועמען עס האט זיך זיי פארגלוסט.

זייער ערשטער קרבן איז געווען חיים דער „ממזר", וועלכער האט געפאשעט די קי אין סלוציאנקע. אים האט דערשאסן נאוויציק, צוליב אן אלטער קריגעריי. דערנאך האבן זיי דערמארדעט אלע קריפלען און גייסטיק־קראנקע און צום סוף, זיך א נעם געטאן צו די „פאליטישע", וועלכע זיי האבן צוערשט פארפייניקט און שפעטער אומגעבראכט. אין א קורצער צייט האבן זיי ליקווידירט כמעט אלע יידישע און קריסטלעכע יוגנטלעכע פון שטעטל. נאך דער ליקווידאציע פונעם

געטאָ, האָבן זיי זיך גענומען זוכן און כאַפּן די אַנטלאָפענע און אויסבאַהאַלטענע יידן אין די ארומיקע דערפער.

זיי האָט צוגעהאָלפן דער האראדאקער הינט־שלעגער, דער „היצעל", וועלכער פלעגט ארומפאָרן איבער דער געגנט, כלומרשט כאפּן הינט, אָבער אין דער אמתן נאָכגעשפּירט די פּארטיזאנער און די יידן. איינמאָל האָט ער אלארמירט די זשאַנדארמעריע אין דעם דארף פּאָפּוווקע, פון וועלכן א קריסטלעכע מיידל האָט ארויסגעפירט א יידישן בחור אין וואלד אריין צו די פּארטיזאנער. האָבן די זשאַנדארמען ארומגערינגלט דעם דארף און אונטערגעצונדן די הייזער צוזאמען מיט די מענטשן. דערנאָכדעם האָבן זיי דעם פאַר־ברענטן דארף פּאראקערט, אויסגעגלייכט מיטן פּוסבאָדן, ניט איבערלאזנדיק קיין סימן פון א ישוב און געמאָלדן אין אלע דערפער פונעם גאנצן ראיאָן, אז ווער עס וועט זיך דערוועגן אויסצובאהאלטן יידן, וועט האָבן דעם זעלבן סוף. יארנלאַנג האָבן זיי געווילדעוועט און פארגאסן טייכן מיט בלוט, זייענדיק זיכער, אז עס איז ניט איבערגעבליבן קיין לעבעדיקער עדות פון זייערע מעשים־תעתועים. נאָר זיי האָבן זיך טועה געווען אין חשבון...

אין די ערשטע טעג פון חודש אויגוסט 1944 יאָר, איז האראדאָק באפרייט געוואָרן דורך א גרופּע רוסישע סאלדאטן, און די ארטיקע זשאַנדארמען זענען זיך צעלאָפן ווי די מייז אין די נארעס. די געציילטע תושבים, וועלכע זענען איבער־געבליבן אין האראדאָק, האָבן געהאלטן ס'מויל און ניט אויסגעגעבן די פארברעכער. נאָר ווען די פּארטיזאנער האָבן זיך צוריקגעקערט פון די וועלדער, האָט זיך געשאַפן א קאָנקרעטע מעגלעכקייט עפּעס צו דערגיין.

צו יענער צייט, איז יעדער קאָנטאַקט מיטן שטעטל געווען פארבונדן מיט לעבנס־געפאר, ווייל די וועגן זענען געווען בלאקירט פון דייטשיש־פוילישע פאשיסטישע באנדעס, וועלכע האָבן ניט דערמעגלעכט דעם נאָרמאלן פּארקער. אָבער טראָץ דעם, פלעג איך פון צייט צו צייט, זיך אראָפּכאַפּן אין האראדאָק, מיט דער כוונה צו ארעסטירן די מיטגלידער פון דער האראדאקער זשאַנדארמעריע, און זיי ברענגען פאר דעם פאָלקס־טריבונאל.

נאָך לאַנגע באמיאונגען האָט מיר אָפּגעגליקט. דורך אַ צופאל, האָב איך זיך באקענט מיט א קריסט, וועלכער האָט ביי מיר געוואלט אָפּקויפן מיין טאַטנס חרובע הויז, האָב איך אים צוגעזאָגט אָפּגעבן אומזיסט מיטן תנאי, ער זאָל מיר דער־ציילן, אווו עס באהאלטן זיך אויס די זשאַנדארמען. אין דעם זעלבן אָוונט, איז צו מיר געקומען א געוועזענער פּארטיזאן און מיטגעטיילט, אז אין וואליל געפינט זיך דזשאנקאָוו, דער געוועזענער זשאַנדארמעריע־קאָמענדאנט.

ניט קוקנדיק אויף דער פינצטערער נאַכט, האָבן מיר ביידע, זיך ארויסגעלאָזט אין וועג אריין צוגעקומען צו דער שטוב, אין וועלכער דזשאנקאָוו איז געזעסן מיט זיינע קרובים און געטרונקען טיי, אויפגעפּראלט די טיר און דראָענדיק מיטן מאַשין־געווער באפוילן, אויפצוהייבן די הענט. דער נעכטיקער „העלד" איז געפאלן אויף די קני, געיאָמערט אויפן קול און זיך געבעטן:

„שיס מיך ניט... איך וויל לעבן..." איך האָב אים אונטער־זוכט און געפונען ביי אים אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, מיט וועלכן איך האָב אים מכבד געווען איבערן קאָפּ. שפּעטער, בשעת דער אויספארשונג, וועלכע האָט זיך געצויגן א גאנצע נאַכט, האָט ער דערציילט אָן אַ שיעור פּרטים, וועגן זיינע פארברעכערישע מעשים און אויך אויסגעגעבן די אדרעסן פון אלע אנדערע זשאַנדארמען.



**מאיר מלמד** דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער זשאנדארמעריע אין גמינע־ארעסט



**נח קרעמער** דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער זשאנדארמעריע אין גמינע־אַרעסט

ווען ער האָט דערציילט וועגן דעם מאסן־מאָרד פון די יוגנטלעכע יידן און קריסטן — פארדעכטיקטע אין קאָמוניזם, ביי וועלכע ער האָט אָפּגעשניטן די צונגען און אויסגעשטאָכן די אויגן, האָט מיך באשלאָגן א קאַלטער שווייס און איך האָב פארלוירן דעם גלייכגעוויכט, און טראָץ מיין פארפליכטונג איבערצוגעבן דעם אויסוווּרף א לעבעדיקן צו די געזעצלעכע אינסטאַנצן, האָב איך אים מקיים־פּסק געווען.

אין פארלויף פון געציילטע טעג האָט זיך כמעט די גאנצע האראדאקער זשאַנדארמעריע געפונען אין אונזערע הענט.

איינמאָל באַקום איך א בריוו פון דעם אומזיסטן בעלן אויף מיין טאַטנס הויז, אז ער האָט געפונען דעם מערדער פון מיין ברודער. ניט קלערנדיק לאנג, האָב איך, צוזאמען מיט מיין חבר, אַ פוילישער אָפיצער, זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ

מאַשין און מיט דער גרעסטער שנעלקייט אַוועקגעפאָרן קיין הארַאדאק.

פארבייפאָרנדיק טרעבלינקע, בין איך שטיין געבליבן און זיך צוגעהערט צו דער טויטער שטילקייט. „קוק חבר, האָב איך א זאָג געטאָן צו מיין באגלייטער, — אָט אויף דעם אָרט, האָבן די דייטשן פארברענט מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער. די ערד, אויף וועלכער מיר טרעטן, איז דורכגעזאפט מיט זייער בלוט און דער שטויב, וואס טראגט זיך פון אונטער די רעדער פון אונזער אויטאָ, איז דער אַש פון זייערע פארברענטע קערפערס, וועלכע די דייטשן האָבן געלאָזט אויפן ווינט" —

מיין פוילישער חבר האָט מיך ארומגענומען און מיט א פארשטיקטן קול אָפּגעענטפערט:

— „טייערער פריינט, אויך מיין פאמיליע איז אומגעקומען אין טרעבלינקע. דער זעלבער אומגליק האָט אויך זיי געטראָפן" —

א שטיקל וועג הינטער טרעבלינקע, האָט אונז א סאלדאט פארשטעלט דעם וועג. אויף זיין היטל, האָב איך דערזען א קאקארדע: אן אָדלער מיט א קרוין. ‚דער הערב פון די פאשיסטישע באַנדעס, איך האָב זיך באלד אריענטירט און איידער ער האָט אונז באוויזן צו פרעגן דעם פּאַראָל, האָב איך אים פארלאָפן מיט א פראגע, צי ער קען אונז מכבד זיין מיט א פּאַפּיראָס, און דערציילט, אז מיר האָבן נאָר וואס פארכאַפּט דעם אויטאָ און מיר איילן זיך צו די „חברים" אין וואַלד. דער סאלדאט איז געווען אזוי איבערצייגט, אז מיר זענען פון זיינע מענטשן, אז ער האָט אונז געשענקט א פּעקל פּאַפּיראָסן, און געלאָזט גריסן די חברים אין וואלד. גאנץ פרי זענען מיר בשלום אָנגעקומען אין הארַאדאק.

מיין דערשיינען אין שטעטל פלעגט ארויסרופן א פחד ביי אלע תושבים מיט אן אומריינעם געוויסן, ווייל זיי פלעגן באלד שטעלן די פראגע: „וועמען פון זיי וועל איך מיטנעמען אויף אַן אומזיסטן שפּאציר קיין ביאַליסטאָק?

מיין טאַטנס יורש האָט, ווייזט אויס, חרטה געקראגן אויפן גאנצן עסק און געטענה'ט: „להד"ם! איך ווייס פון גארנישט". אָבער איך האָב געפּאָדערט, אויפן סמך פון זיין בריוו, ער זאָל דערפילן זיין התחייבות. אויב ניט — האָב איך געדראָט — וועל איך צוריקנעמען די ירושה. און אָן ווייטערדיקע דיבורים, געהייסן מיטפארן. איך האָב זיך ווייניק־וואס געקימערט פון זיינע וויינענדיקע בקשות, אים פריילאָזן צוליב דער סכנה, וואס דראָט אים, פאר אויסגעבן די רוצחים און אים געצוווּנגען צו דערציילן דעם גאנצן אמת.

און אָט אזוי קרעכצנדיק, און ציילעמענדיק זיך, האָט ער אונז אוועקגעפירט קיין נאוואשיאַלקע אויף א קאַרטאָפּל־פעלד, אויף וועלכן, איך האָב געטראָפן צוויי אלטע פויערים, וואס האָבן אין מיר דערקענט, מענדל דעם שמידס זון. האָט איינער פון זיי אזוי געזאָגט:

— „דו זעסט ווי שיין עס וואַקסן די קאַרטאָפּל? דאָס איז דערפאר, ווייל אויף דעם פעלד פוילן טויטע מענטשן, וועלכע זענען אומגעקומען פון די הארַאדאקער זשאנדארמען. אָט דא, — ווייזט ער מיר, — ליגט דיין ברודער".

מיר האָבן זיך א נעם געטאָן צום אויסגראבן דעם קבר און באלד אַנטדעקט א שארבן, עטלעכעביינער און א פּאָר צעפוילטע שטיוול. מיט ציטערנדיקע הענט האָב איך צונויפגעשאַרט די ערדישע שיריים פון מיין יינגסטן ברודער, איינגעפּאַקט אין א קעסטעלע, ארויפגענומען אויפן אויטאָ און געבליבן אַפּאַטיש זיצן ביים רודער פון דער מאַשין. ווען די זון האָט זיך געזעצט הינטערן וואלד און עס האָט זיך דערנענטערט די נאכט, האָט מיך מיין חבר אָנגענומען ביי דער האַנט און א זאָג געטאָן:

— קום, בראַטאַק, לאָמיר פארענדיקן אונזער שליחות און געפינען דעם מערדער. ווען ער וועט זיך דערוויסן, אז דו זוכסט אים ארום, וועט ער אַנטלויפן און דו וועסט אים שוין מער ניט זען פאר די אויגן.

מיין חברס רייד האָבן אויפגעוועקט פונדאָסניי דעם דורשט נאָך נקמה און אין אַ פּאָר מינוט זענען מיר שוין געווען נעבן זיין שטוב. זיין פרוי, האָט פּרובירט אונז אראָפּפירן פון זיינע שפּורן און געזאָגט, אז איר מאַן געפינט זיך אין ביאַליסטאָק. אָבער מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער ארבעט אין וואלד. מיין חבר האָט זיך פארנומען אויף רעכטס און איך אויף לינקס. אָפּגייענדיק צוויי קילאָמעטער האָב איך דערזען מיין חבר שטיין מיט נאָך צוויי מענטשן. איינער פון זיי, איז געווען דער באַנדיט ראשקא, וועלכן מיר האָבן אָן ווייטערדיקע שהיות ארעסטירט און פאָרנדיק זיך באלד גענומען צו דער אויספארשונג.

צוערשט האָט ער געלייקנט שטיין און ביין און געשפּילט די ראָליע פון אן אומשולדיקן קרבן. און מען מוז מודה זיין, אז ער איז געווען אזוי ראפינירט, אז אַ זייטיקער מענטש וואלט מסתמא באאיינפלוסט געווארן פון זיינע ארגומענטן. אויף מיר אָבער, האָט זיין האלטונג געווירקט אין א פארקערטער ריכטונג. גענוג געווען איין בליק אויפן קעסטל, וועלכן איך האָב מיטגעפירט, אז מיין הארץ זאָל זיך אָנצינדן מיט א העלישן פייער. אין א געוויסן מאָמענט, ווען זיין ציניש־ליגנערישע האַלטונג האָט מיך ארויסגעבראכט פון געדולד, האָב איך אויפגעהויבן דעם דעקל פונעם קעסטל און באפוילן, אַז ער זאָל קוקן גלייך אין די לעכער פון מיין ברודערס שארבן. דאס האָט אים אזוי דערשיטערט, אז ער האָט זיך איינגעבראכן, און מודה געווען אין דעם באגאנגענעם פארברעכן.

אָבער זיין מודה זיין האָט מיך ניט בארויִקט, נאָר צערייצט נאָך מער. איך האָב אים אָנגעכאפּט פאר די האָר און די גאנצע צייט, ביז ביאַליסטאָק, זיין קאָפּ געהאַלטן אין דעם מתים־קעסטל. —

אויף דער באשולדיקונג־באַנק איז געזעסן א יונגער קריסט פון הארַאדאק, קארגעל יאַן. פונעם באַשולדיקונג־אַקט איז צו זען, אז פון 1941 ביז 1944 יאר האָט ער זיך פרייוויליק געשטעלט אין דינסט פון דער הארַאדאקער זשאַנדארמעריע, וואָס איז געווען אונטערגעוואָרפן דער געסטאַפּאָ. ער האָט דערמאָרדעט א סך יידן און קריסטן און אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָבלאַוועס קעגן די פארטיזאַנער.

צווישן די עדות קעגן קארגעלן, איז געווען א רוסישע פרוי און די צוויי שוועסטער לאה און גוטע גראסביין. די פרוי האָט אים באשולדיקט, אז ער האָט דערשאָסן איר מאַן און די צוויי שוועסטער, אז זיי זענען בייגעווען ביים דערשיסן א יידיש מיידל.

דאקעגן עטלעכע צענדליק פויערים פון די ארומיקע דערפער, האָבן עדות געזאָגט, אז ער האָט קיינעם ניט געטאָן קיין שלעכטס. זיין פארטיידיקער, איינער פון די בעסטע אד־

וואָקאַטן אין ביאַליסטאָק, האָט אויסגענוצט אַלע שוואַכע מאָמענטן פון דער באַשולדיקונג, ווי אויך די גוטע אָפּרופן פון זיינע עדות און געפאָדערט ביים געריכט א מילדן אורטייל פאַר דעם אַנגעקלאָגטן.

דאַן האָב איך זיך געווענדעט צו די שופטים, מיט א ביטע, מען זאָל מיר דערלויבן צו דערשיינען אַלס אַן עדות. נאָך אַ לאַנגן וויכוח צווישן דעם פאַרטיידיקער און דעם באַשולדיקער, האָב איך באַקומען דאָס וואָרט און איך האָב זיך געווענדעט מיט א פראַגע צו נינאַ שיק, דעם אַנגעקלאָגטנס פרוי און מוטער פון זיינע צוויי קינדער: צי זי געדענקט מיר פון די קינדער־יאָרן, ווען מיר האָבן זיך צוזאַמען געשפּילט אין זאַמד, זיך געלערנט אין איין שול און דערנאָך געאַרבעט אין איין פאַבריק? ווי אַזוי זי פלעגט מיך באַגעגענען ביים פאַבריקס־טויער, מיט א „גוטן מאָרגן” אויף יידיש?

איך האָב איר דערמאָנט אָן אירע יידישע שכנות, מיט וועלכע זי האָט גוט געלעבט און וועלכע איר מאַן האָט דערהרגעט, צוזאַמען מיט זייערע פּיצלעך קינדער און אויסגערופן: „ווי אַזוי קענסטו לעבן מיט א מאַן, וועלכער טראָגט אויף זיך אַזאַ שווערע שולד?” —

נינאַ האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעקומען צו איר מאַן, וועלכער איז רואיק געזעסן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק און אויסגעשריען:

— „דו, פאַרשאָלטענער מענטשן־פרעסער! וויפל מאָל האָב איך זיך געבעטן ביי דיר, אַז דו זאָלסט זיך ניט באַטייליקן אין די מערדערייען?! אָבער דו האָסט מיר ניט געפאָלגט און פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע נעכט און אינדערפרי צוריקגעקומען מיט פאַרבלוטיקטע זאַכן, וועלכע דו האָסט מיר געצוווּנגען צו וואַשן” — — —

נינאַ האָט זיך צעוויינט און זיך געווענדעט צום געריכט, אַז ער זאָל זי ניט באַשולדיקן אין די פאַרברעכנס פון איר מאַן. נינאַס עדות־זאָגן האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף די אַנוועזנדע, אַז ווי נאָר זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זיך אויפגעשטעלט איינער פון די פאַרטיידיקונגס־עדות און געמאָלדן, אַז ער ציט צוריק זיינע פריערדיקע דערקלערונגען, און אַז ער איז גרייט צו דערציילן דעם גאַנצן אמת, ווי אַזוי די זשאַנדאַרמען האָבן אים געצוווּנגען צו שפּאַנען זיין פערד און אַרויספירן פון דער גמינע, אין וועלכער זיי זענען איינגעשטאַנען, די טויטע קערפּערס פון די פאַרפּייניקטע יידן און קריסטן, פאַרדעכטיקע אין קאָמוניסטישער טעטיקייט און ער האָט גענוי אָפּגעשילדערט פאַרן געריכט, דעם שרעקלעכן אויסזען פון די מענטשן, וועלכע די זשאַנדאַרמען האָבן פאַרפּייניקט.

דיביידע עפּיזאָדן איבערצייגן, אַז מיט א פעסטן באַשלוס, צו באַשטראָפן די פאַרברעכער, קען מען דערגרייכן דעם געהעריקן רעזולטאַט. מען דאַרף נאָר האָבן א סך עקשנות און אויסדויער.

יאָ, געוויס, עס האָט אין דעם געשטעקט די נאַטירלעכע שטרעבונג צו נקמה. באַצאָלן די רוצחים „עין תחת עין”, „שן תחת שן” פאַר זייערע מערדערישע מעשים און מיט דעם, כאָטש א קליין ביסל איבערצייגן זיך און אַנדערע מיטצייטלער, אַז די וועלט איז ניט הפקר און אַז ניט ווי מען זאָגט: „לית דין ולית דיין”.

אָבער אין איצטיקן מאָמענט, אַדורכפירנדיק א פּאַראַלעל צווישן די היינטצייטיקע הכנות צו אַטאָמיש־נוקלעאַרער מאַסן־פאַרניכטונג מצד אַלע מלחמה־פאַקטאָרן און ספּעציעל, מערב־דייטשלאַנד, וועלכע גרייט זיך פיבערהאַפט צו א רעוואַנש, מוז איך קומען צו דער מסקנה, אַז עס וואָלט געווען נאַאיוו צו באַגרענעצן זיך מיט יחידישע נקמה־אַקטן. אַנטקעגן דער פאַרניכטונגס־געפאַר, וואָס באַדראָט די מענטשהייט און ספּעציעל אונז יידן, איז נויטיק אויסצוברייטערן דעם פראָנט קעגן מלחמה און נאַציזם און אַקטיוויזירן די קאַמפס־גרייטקייט פון די יידישע מאַסן אויף דער גאָרער וועלט, קעגן א דריטער וועלט־מלחמה און פאַר א דויערהאַפטן שלום.

# דין ביום דין

מאת ישראל קגנסקי (ישראל)

נדפס ב„דבר”, ערב יום־כיפור תשי״ז

לעיירות הקטנות שבפולין, שתושביהן היהודים נרצחו ע״י הנאַצים בראש־השנה.

✶

אם אצליח לספר אפילו מקצת מן המקצת על הימים ההם, והיה זה הר אימים כזה, שלעולם לא נגיע לפסגתו.

בערב ראש־השנה תקועים היינו ביער, חמישה בחורים יהודים ועשרה לא־יהודים. שכובים היינו בחפירה, כעין בור גדול שרופד קש. מסביב דממת בית־קברות; לא היה מי שיפריע את השקט, כי מהילדים והנערים מהעיירה הסמוכה, משה׳לך ושלמה׳לך, ראזעלעך ופייגעלעך, שהיו משחקים בכיכר השוק, לא נשאר אף אחד, לא נשאר כל זכר. הם הושכבו כהלכה בבור הגדול. „דאגו” להם היטב, שלחו אתם את אמותיהם ואבותיהם וכיסו אותם בציפית לבנה של סיד לכן שרר שקט מסביב.

הסתכלתי לעבר עיירתי... שכני הפראווסלאבים לא נאנחו, הם דיברו על איסוף התבואה מהשדות, על הפרות והחזירים שנשדדו מהם, גלגלו סיגריות שהנייר בהן היה מרובה מהטבק ועישנו, ולפעמים גם צחקו.

דממת הבור הגדול, אליו צעדו ה„אידישיסטים”, ה„הבריי־איסטים” וה„גודיסטים” לא אמרה להם הרבה. הרי לנאטאשקה ומארוסיא לא כרתו את הלשון, הן מביאות לפעמים גם שיירי תפוחי־אדמה להשקיט את הרעב. אם כי היינו יחד באותם התנאים עצמם, בכל זאת הורגש איזה שוני. הן גם הרובה ניתן לנו רק אחרי תחנונים הרבה.

היה זה הלילה השלישי שלא עצמנו עין, אם כי הייתי עיף

מאד מהסיורים בימים האחרונים. הן כל העיירה טמונה מתחת לאדמה, ונדמה לך הנה הם חופרים מחילות ובאים אליך, מופיע אבא בבגדי חג ומזרז: ראש השנה היום, ראש השנה היום.

— יש לך צילומים מהמשפחה? — נסיתי להפיג קצת את המתיחות שאפפה אותנו. —

— חה, חה, חה, — פרץ חברי בצחוק היסטרי — לצילומים אני צריך? כאן, כאן, — הראה באגרופו הקמוץ לעבר לבו — אין לי כל צורך בצילומים.

בחצות לילה שמענו סמוך לבור שלנו הדי צעדה. חרדה עברה בנו. ידענו כי יש מאיכרי הסביבה המלשינים ומוסרים על כל דבר שנראה חשוד בעיניהם. זחלתי לאט־לאט ויצאתי מהבור כשחברי עוקבים אחרי כל תנועה שלי. רובי היה טעון, ולולא הבחנתי ב„נשיפת הנחש" — סימן היכר לידיד — הייתי תוקע ללא היסוס את הכידון בצל המתקרב.

זה היה אחד מאנשי־הקשר שלנו. שבוע לא ראינו אותו ובלבנו הספדנוהו כבר — בחור נועז, רווי משטמה, זעם ונקמה. הוא הודיע לנו, כי במרחק חמשה־עשר קילומטרים מאתנו עומדת רכבת טעונה חומר דלק ואליה קשורים שני קרונות נוסעים ובהם קצינים גרמניים עם נשים ונערות; לפי המשמר המוגבר ניתן לשער, כי בעלי דרגות גבוהות נמצאים שם. בעוד שעות מספר תצא הרכבת ויש להורידה מהפסים ולהצית את הקרונות.

במהירות הבזק תוכננה הפעולה. מוקשים לא היו בידינו. עלינו איפוא לפרק את פסי המסילה, וכשהרכבת תרד מהפסים לפתוח באש. זחלנו על גחוננו לעבר המסילה. על ארבעה מאתנו הוטל לפרק את הפס: כל רגע — נצח. הוצאנו את הברגים והשארנו את הפס במקומו. השחלנו חבל עבה בנקבים והשקענו אותו בבוץ, חבל ארוך מאד ואנו, שכובים בגומות שחפרנו, מחזיקים בקצותיו. משהו בלתי רגיל עומד להתרחש. זו היתה הפעולה הראשונה שלנו, היהודים, שהתנדבנו לכך.

כשעה שכבנו בבוץ. גשם דקיק וסמיך הצליף עלינו. הרגלים התאבנו, הגב כואב והראש — סחרחורת.

כמנגינה נפלאה צלצלו באזנינו הדי שקשוק גלגלי הרכבת. הצלילים הלכו וגברו, הנה עשן הקטר, עוד רגע, רגע אחד, עוד חמשים מטר בערך. אזרנו את כל כוחותינו, משכנו בחבל ועקרנו את הפס ממקומו — —

רבבות רעמים, תבערה עצומה, גניחות ואנקות. והחברים בחולית האבטחה משלחים אש מהירה לעבר השרידים שניסו להמלט, בזעם ובחרון בכל אלה שהיכו, עינו, אנסו ורצחו, שדדו גזלו ומחו את צלם האלהים.

היו להבות האש כנרות־נשמה לזכר כל היקר לנו.



## פייגל ליס

זייער איינדרוקספול איז געווען דער אַקט פון אָפּדעקן די מצבה נאָך דער ח׳טע פייגל ליס, וואָס איז פאַרעגקומען זונטיק דעם 9־טן יוני 1963 אויפן ביה״עולם פון טאַבלאַדא. עס האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַ גרויסער עולם, דער גרעסטער טייל, חברים פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, וואָס האָבן נאָענט געקענט און מיטגעאַרבעט צוזאַמען מיט דער ח׳טע פייגל ביי פאַרשיידענע אַקטיוויטעטן, אויך איר פאַמיליע האָט ניט געפעלט צו דעם אַקט. אַלע זענען געשטאַנען מיט געבויגענע קעפּ ביים קבר פון איינער פון די בעסטע אַקטיוויסטן פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. באַזונדער, פאָרשטייער פון אַלע אינסטיטוציעס, אין וועלכע פייגל ליס האָט אַקטואירט.

אַלע רעדנער האָבן אויסגעדריקט די העכסטע אָנער־קענונג פאַר דעם בייטראָג וואָס ח׳טע פייגל האָט צוגעטראָגן פאַר דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, און דעם גרויסן פאַרלוסט וואָס האָט פאַרשאַפט איר אַוועקגיין פון אונז.

צום סוף האָבן די רעדנער געמאַכט אַ רוף צו אַלע אָנוועזנדיקע, אַז זיי זאָלן אין אָנדענק פון דער ח׳טע פייגל ליס זיך מער צוזאַמענגיסן אין די רייען פון אונזער באַוועגונג און מיט דעם אויספילן דעם בלויז וואָס איז געבליבן מיט איר אַוועקגיין.

אַלע האָבן אויפמערקזאַם אויסגעהערט די רעדנער און מיט געבויגענע קעפּ פאַרלאָזט דעם קבר פון פייגל ליס.

ערע איר אנדענק!

---

יזכור נאָך אונזערע ברידער **אשר**, **וועלוול** און **ארצ׳יק** מיט זייערע פאַמיליעס, דערמאָרדעטע פון די נאַציס. **וועלוול** איז געווען אַ טיכטיקער טוער אין די יידיש־וועלטלעכע שולן.

זייער ברודער זלמן לעווין, די שוועסטער פייגל און גיטל אין בוענאָס־איירעס, פאַר־אייביקן זייער אנדענק!



לזכר אבינו היקר **פישל דינרמן** ז״ל, שנפטר בהורודוק בשנת 1940, ואמנו היקרה **חיה** ואחותנו **רוזקה**, ובן־דודי **גרישה**, שנספו ע״י הנאצים.

הבנות: אסתר, דינה, והבן הרשל דינרמן.

---



לזכר אבינו היקר **מרדכי (זיידל) שפירא** ז״ל, שנפטר בישראל בחודש סיון תשכ״א, יוני 1961.

אשתו מרים, ובנו ישראל שפירא, תל־אביב

צום אנדענק פון אונזערע עלטערן **טעוול** און **טויבע גרוזביין** ז"ל. אומגעקומען אין טרעבלינקע אין 1942.

זייער אנדענק וועט אייביק לעבן אין אונזער הארצן, זייערע טעכטער: לאה און גוטע גרוזביין אין ישראל.



צום אנדענק פון אונזער טייערע און ליבע טאנטע **פרומקע גאז (פישעלעוויץ)**, א טיכטיקע טוערין און פארוואלטונג, מיטגלידערין פון דער יידישער פאלקס־שול אין הארדאק. קוזין **אלי** און קוזינע **באבטשע**. אומגעקומען פון די נאַציס.

משה און רייזל סימיון איז ישראל.

לזכר משפחתי שנספתה ע"י הנאצים: **פייגל, משה יודל, מולי, ניסל, יוסף, נחמה ופריידקה בראטמאכער.**

רבקה זכאי

לזכר יקירינו שהושמדו בידי הנאצים: הורינו **ברל ואטקה ווינפאס**, אחינו **וועלוול**, אחיותינו **רחל ושרה.**

יונה וויינפאס ומשפחתו בדרום אפריקה,
שלמה גפני וויינפאס ומשפחתו בישראל.



**אברהם** און **רבקה רוטשיק** (דער איינבינדער) אומגעקומען אין האַראַדאָק צוזאַמען מיט דער גאַנצער שטעטל דורך די נאַצישע מערדער.



**גאלדע רוטשיק** אומגעקומען אין האַראַדאָק מיט די צוויי קינדער.

# משפחת סימיון (שמן) ז"ל





חנה די פרוי פון שאול

אלע אומגעקומען פון די דייטשישע מערדערס אין טרעבלינקע.



לאזער און רחלס מאַן שמואל׳קה און קינד מירעלע

יזכור נאָך אונזערע ליבע און טייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, שוועגערינס און שוואָגערס מיט זייערע קינדער.

אַ משפחה פון אַרבעט און קאַמף.

●

פאַרייביקט דורך משה סי-מיון (שמן) און משפחה, שושנה ציילנגולד און משפחה אין ישראל.

# משפחת סימיון (שמן) ז"ל



שלמה ואיטקע קנטורוביץ׳

לזכר הורים, אחים ואחיות עם ילדיהם, שפתיל חייהם נכרת על־ידי הפאשיסטים הגרמנים: מנדל, חנה פייגל שמן. אלי, אשתו ובנותיו. שאול, אשתו וילדיו. איטקה ובעלה שלמה, וילדם. רחל ובעלה שמואל, וילדיהם. ואחינו הצעיר לאזער. דודנו, דוד סימיון ומשפחתו. זכרם חרות בלבנו לעד!

משה סימיון ושושנה צילנגולד ומשפחותיהם.
(ישראל)



הבנות של אלי: עלקע, ליבע, מאשה

---

יזכור נאָך אונזערע עלטערן יוסף און פרוי אסתר גאשצינסקי, און שוועסטער פרומקע.

פאַראייביקט דורך די קינדער: דוד, ישראל און חייקע אין ארגענטינע.

---

יזכור נאָך מיינע עלטערן דוד און גאלדע קאגאן, ברודער נאסקע. די שוועסטער:ביילקע, אסתר, חייקע, קיילע און קרעשע.

פאַראייביקט פון זייער זון און ברודער זיידל אין ארגענטינע.

---

יזכור נאָך אונזערע עלטערן יצחק לינקאווסקי און פרוי נעכע-רייזל און ברידער שייע, יוסף און פאַמיליע און שוועסטער רחל.

פאַראייביקט דורך די קינדער און ברידער מאיר און אשר לינקאווסקי אין ארגענטינע.

---

יזכור נאָך אונזערע עלטערן, שוועסטער, ברידער פאטער פייוול וויארסט, מוטער ביילע רייזעל, ברודער הערשל. זיידל, חיים, לייבל און זייערע פאַמיליעס.

פאַראייביקט דורך זייערע קינדער ביינע און קיילע רחל (ארגענטינע).

---

יזכור נאָך אונזערע עלטערן יעקב וואלצ׳ינסקי, פרוי חיה, ברודער פיניע, שוועסטער שרה-לאה, עלקע און פערל.

פאַראייביקט זייער אנדענק דורך זייער זון לייבל אין אַרגענטינע און טאָכטער רחל אין אורוגוואי.

---

יזכור נאָך מיינע עלטערן יוסף און חייקע פידעל, נאָך מיינע ברידער, משה׳ל און לייזער, די שוועסטער, שפרה, ביילקע מיט זייערע פאַמיליעס.

פאַראייביקט פון זייער זון און ברודער אפרים.



לזכר אבינו היקר ר' אברהם שלמה סקרובילצקי ז"ל שנפטר בהורודוק.

מנציחים:
בנותיו, טייבה וחנה כהן ומשפחותיהם.



לזכר אחותנו רייזל וגיסנו הענאך לנדה ובנם אברהם שלמה, שנרצחו ע"י הגרמנים בטרבלינקה.

אחיותיה: טייבה, וחנה כהן ומשפחותיהם.

לזכר דודי ודותי היקרים אתל ומשפחתה, רחל ומשפחתה. מילי ומשפחתו, חמל ומשפחתו, חונה ומשפחתו (ילדי אלתר ליישקעס), שנרצחו ע"י הגרמנים י"ש.

מרדכי גולדברג.



לזכר אחי היקר אליעזר גולדברג הי"ד, אחיותי רוזה וחנה גולדברג הי"ד, בת דודתי רייזל הי"ד, אברהם שלמה, בן דודי מרדכי סקרובלצקי, יוסף הי"ד. כולם נרצחו ע"י הגרמנים בטרבלינקה.
יהא זכרם ברוך!

אחיהם ובן דודם מרדכי גולדברג.

לזכר הורי היקרים אברהם גולדברג הי"ד (ממל אלתר-ליישקעס), זיסל גולדברג הי"ד (אברהם שלמה'ס), שנרצחו ע"י הגרמנים י"ש בטרבלינקה.
ארץ אל תכסי דמם!

בנם מרדכי גולדברג ומשפחתו.

לזכר אמנו היקרה אסתר לאה סקרובלצקי ז"ל, אחותנו זיסל ומשפחתה, אחינו יעקב ומשפחתו, אחינו פיניע ומשפחתו, בני אברהם שלמה סקרובלצקי, אחינו מרדכי ומשפחתו ז"ל, שנרצחו ע"י הגרמנים י"ש בטרבלינקה.
יהא זכרם ברוך!

חנה וטייבה כהן ומשפחותיהם.



לזכר אבי היקר **משה גולדברג** ז״ל (**משה׳ל אלתר ליישקעס**), נפטר בארגנטינה. יהי זכרו ברוך.

בנו אליעזר גולדברג (תל־אביב).
דוד גולדברג ומשפחתו (ארגנטינה).



לזכר אחי היקר **אליעזר גולדברג** הי״ד, גיסתי **חנה**, (**משה ווייקערס**), שנרצחו בטרבלינקה ע״י הגרמנים יי״ש. לעולם לא אשכח אותם!

אחיו מרדכי גולדברג ומשפחתו.



לזכר אבי **שמואל אהרון בר׳ אליעזר יצחק הלוי** ז״ל (**אלתר ליישקעס**), אמי **גיטל** ז״ל (**גיטל אלתר ליישקעס**), שנפטרו בפולניה.
יהא זכרם ברוך!

בתם חיה קורנגולד וכל המשפחה.



לזכר הורי, אחי ואחותי שנספו בידי הנאצים. אבי **אליעזר**, אמי היקרה, אחי **יוסף** ומשפחתו.
יהא זכרם ברוך!

צביה רוזנצוייג

יזכור, נאָך אונזערע עלטערן, **אברהם** און **חוה פעראַש־קיער**, ברודער **ישראל**, שוועסטער **עטקע** מיט זייערע פאַמיליעס — אומגעקומען פון דייטשישע מערדער.

פאראייביקט פון זייער זון לייזער אין ארגענטינע און טאָכטער גאלע אין אַמעריקע.





לזכר אמי היקרה **שיינה מלכה**, שנפטרה בהורודוק בשנת 1917 ואחותי היקרה **אסתר**, שנפטרה ב־1917. אחי היקר והמסור **הערשל**, שנפטר בשנת 1917. אבי היקר **אשר בישקע**, שנספה בידי הנאצים. אחיותי **חנה**, **דאבע**, **פרומצע**, אחי **יוסף**, גיסתי **מערקע**, גיסי **וועלוול**, גיסי **פיני**, בנותיה של **חנה ויוסף**, **שיינע-מלכה ויוספעלע**, ילדי **דאבע וועלוול**, **חיים ושיינע-מלכה בני פרומצע ופינה**, **אברהם ומשה** בנם של **יוסף מערקע וחיים**.

ה׳ ינקום את דמם הטהור והקדוש.

בנם, אחותם, דודתם ובני משפחת רחל וקסלר (שפירא) ינצרו את זכרם לעד!

---



לזכר הורי היקרים, **ברוך לייזער שמחה** ואמי **רייזל לוז׳נסקי** ואחי — **מקס**, שניספו בשואה ע״י הגרמנים.

יהא זכרם ברוך לעד!

ליפא אבינדב (לוז׳נסקי) גדרה.



לזכר אבינו היקר, ראש קהילת הורודוק, **ר׳ זאב שיבובסקי** ז״ל. ואמנו **איטקה**, ואחיותינו **שרה ושיינה**, שנרצחו ע״י הגרמנים.

המשפחה.



לזכר אבי **אברהם יצחק** שנפטר בהורודוק ב־1930, אמנו **מאשא**, אחינו **שבתאי** עם משפחתו, אחותנו **מרים** עם בעלה והילדים, אחיותינו **עטל וסימה**.

בתם ואחותם רבקה, ואחיהם שמואל,
(זשעלאזא)



לזכר אבי **ישראל יעקב קוסובסקי** ז"ל, שנפטר בשיבה טובה בן צ"ב במותו. הובא למנוחת עולם בי"ב אדר א' שנת תשי"א, בבית העלמין „קרית שאול" ת"א.

א. קוסובסקי בן־ישראל





לזכר הורינו היקרים **יחזקאל וצפורה לובוביץ** ז"ל שנפטרו בישראל. אחינו **לייבל לובוביץ** שנספה ע"י הנאצים.

דבורה, תרצה ואברהם לובוביץ (ישראל).



לזכר משפחתי היקרה והאהובה ומשפחותיהם: אבי — יקותיאל בן שלמה מאיר פיראשקיער, אמי — אלטע שרה רחל, אחותי לאה, אחי: יהושע, ישראל, ניסן, יעקב ומשפחותיהם, שניספו ע״י הנאצים ימח שמם וזכרם. שמע ישראל את קולם הנדם וזכה את עם ישראל בשלום!

זהבה שוף זלטה פיראשקיער.



לזכר הורינו היקרים: יצחק וחוה צימרמן ז״ל, שנפטרו בהורודוק.

בנותיהם חנה ומרים.



לזכר אבי היקר, יעקב בן אלתר בקרוביץ ז״ל, שנרצח עם כל משפחתו ע״י הנאצים ימ״ש.

בנו, אברהם בקרוביץ





לזכר אבי **משה** ואמי **רבקה פרנקל** ז״ל ואחיותי **שרה, שיינע (יפה)**, ואחי **איטשע** שניספו בשואת הדמים.

בתם צירל (ישראל).



לזכרה של **מרים פרנקל-בראטמאכער**, מורה ועסקנית מתקדמת ומסורה.

רבקה זכאי

יזכור נאך מיינע עלטערן: פאטער **יודל**, און מוטער **ליבע קאפלאן**. שוועסטער **מינדל, דאבקע** און **חנה**. ברידער: **הערשל** און **יעקב** — אומגעקומענע פון די דייטשישע מערדער.

פאראייביקט פון זון און ברודער מאטל קאפלאן אין ארגענטינע.

יזכור נאך מיינע אומגעקומענע עלטערן, **יעקב לייזער** און מערע **לאה קאלעקא**, די שוועסטער **ליבע** און **רחל**, די ברידער **יוסף** און **אברהם**.

פאראייביקט פון זון און ברודער הערשל, אין ארגענטינע.







לזכר סבא **ר׳ מנדל פאם** (גורקר) ז״ל, שנפטר בשיבה טובה. בן 116 היה במותו והובא למנוחת עולם בישראל.
סבתא **בשקה** והורינו היקרים **הרשל וחיה**, שנפטרו בארץ־ישראל. אחינו **דוד** ואשתו **באבל** וילדיהם: **יצחק וישעיהו** — שניספו בטרבלינקה.
יהא זכרם ברוך!

האחים והאחות גרינולד ומשפחותיהם בישראל.





לזכר יקירינו **עוזר קפלן, ליזה** וילדיהם: **דבורה ודוד**, שנרצחו בטרבלינקה.

יהא זכרם ברוך!

מיילה, חנה ואריה גירנולד.

---

יזכור נאָך אונזערע עלטערן **שמואל** און **גאלדע סאפיר־שטיין**, שוועסטער **מינדל, גיטל, פרומע** מיט זייערע פאמיליעס — אומגעקומען פון די דייטשישע מערדער.

פאראייביקט פון זייערע זין און ברידער, יודל און שייע אין ארגענטינע.

---

יזכור נאָך אונזערע עלטערן, **גדליה** און **אלטע לעוו**, די שוועסטער **טייבל, דינה** און **כייקע**, וועלכע זיינען אומגעקומען פון די דייטשישע מערדער.

פאראייביקט זייער אנדענק דורך זייער טאָכטער און שוועסטער רחל אין ארגענטינע.

---

יזכור נאָך אונזערע עלטערן **משה יעקב** און **ריווע לאה קריקון** אומגעקומענע פון די דייטשישע מערדער; שוועסטער **שאשע, פערל** און **שרה**.

פאראייביקט פון זון און טאָכטער יהושוע און אסתר.

---

יזכור נאָך מיינע עלטערן **משה דוד** און **מאשע ליובעלסקי**.

זייער זון, פייוול אין ארגענטינע.



יזכור נאָך מיינע ליבע עלטערן, **משה** און **ברכה קפלן** ז״ל. נאָך דער שוועסטער **לאה** מיט איר משפחה, ברודער **יוסף** מיט זיין משפחה **קפלן**, אַלע אומגעקומען דורך די דייטשישע מערדער.

פאראייביקט פון זייער זון און ברודער דוד מיט זיין פרוי רחל מיט די קינדער קפלן אין טשילי.



לזכר הורינו ואחינו שניספו בידי הנאַצים בטרבלינקה, אבינו **בן-ציון**, אמנו **לאה**, אחינו **אהרון ואייזיק**, וגיסתנו **טייבל** שנפטרה בהורודוק.

אברהם וזלמן לב ומשפחותיהם.



יזכור נאָך אונזער ליבער מוטער און פרוי **סימע רודי קאפלאן** ז״ל, אקטיווע טוערין פון האראדאקער פארבאנד אין ארגענטינע.

פאראייביקט פון איר מאן יעקב, און זון עליע, טעכטער פייגל אוןביילקע אין ארגענטינע.



יזכור נאָך טאַטע־מאַמע, **דוד** און **אסתר נאווינסקי**.

פאראייביקט דורך זייערע קינדער: פריידקע, הערשל און גיטל אין ארגענטינע.





מיין פאָטער, **מאיר זכאריעס**, געשטארבן אין עלטער פון 76 יאָר, און מוטער **צביה**, געשטאָרבן אין עלטער פון 82 יאָר. באערדיקט אויפן בית־עולם אין הארעדאק.



**קיילע פילאטאוסקי** אומגעקומען מיט איר מאַן **משה**, און 2 קינדער דורך די נאַציש מערדער.



צום אנדענק פון **פריידקע** און **משה שטערן**, מיט זייערע צוויי קינדערלעך, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די נאציס.

פאַראייביקט דורך משה זכאריעס, אַרגענטינע



לזכר אבי היקר והאהוב, טוב הלב והרחמן ואוהב האדם, **זאב עדין**, שמת בשנת 1942 בביתו בטרם שכלו את משפחתו. ולזכר אמי היקרה והאהובה, **דבורה עדין**, שניספתה בטרבלינקה בשנת 1942. לזכר אחותי **מירל**, שנפטרה בשנת 1936 ובנה היקר **מיכאל**. אחי **שמואל**, שהצטרף לפרטיזנים ונפל אי־שם בגיל 29. לזכר אחותי **חנה׳לה** ואחי **משה׳לה** שניספו בטרבלינקה.

אני מתאבלת ומבכה את יקירי הקדושים והטהורים. זכרם לא ימוש מלבי עד רגעי חיי האחרונים!

שרה עדין לויצקר



יזכור נאָך אונזער פאָטער און מאַן **דניאל מיכאלעוויטש** געשטארבן אין בוענאס־איירעס.

פאראייביקט פון זיין פרוי רעשע, זין — חיים און יעקב



יזכור נאָך אונזער פאָטער **אלקנה מיכאלעוויטש**, געשטארבן אין ארגענטינע.

פאראייביקט פון זייערע קינדער, שלמה און יעקב, גיטל, שיינע און דינה — אלע אין ארגענטינע.



יזכור נאָך אונזערע עלטערן, **שמואל** און **שרה מיכאלע־וויטש**, נאָך אונזערע ברידער, **ברוך** און **אברהם** — אומגע־קומען אין האראדאק, דורך די דייטשישע מערדער.

פאראייביקט פון זייער זון מאטל אין ארגענ־טינע. אהרון, חיים, הערשל, כאמקע, דינה און גיטל פון קאנאדע.

